№ 43.

צווייטער יאהרגאנג

יודישע

# פאלקס־צייטונג

21 October 1903. פערלאג „פאלקס־בילדונג“ ווארשא. א׳ דר״ח חשון תרס״ד.



## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## דעם נומער 39

האט זיך געענדיגט דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס־צייטונג נאר אויף דריי פיערטעל יאהר אונ בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס־פרייז אויף דעם לעצטען פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ׳ס ווערק אויף ראטען, דארפען איצטער צושיקען

## די לעצטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע „4 בענדער פון שלום עליכמ׳ס ווערק“ 2 רובל, אדער 50 קאפ׳ פאר יעדען באנד מיט פארטא.

אינהאלט פון ערשטען באנד:

I. דער ערשטער ארויספאהר. איין אמת׳ע מעשה ווי אזוי צוויי יונגע פייגעלעך, וואס האבען ניט אנגעקוקט רעכט די ליכטיגע שיין, פליהען ארויס דאס ערשטע מאל אויף גאטס וועלט.

II. דאס מעסער׳ל. א טרויריגע געשיכטע פון די קינדער־יאהרען.

III. טביה דער מילכיגער. דריי ספורי מעשיות.

1) דאס גרויסע געווינס.

2) א בוידעם.

3) היינטיגע קינדער.

IV. אויפ׳ן פידעל. א מעשה.

אינהאלט פון צווייטען באנד:

מעשות פאר יודישע קינדער:

I. חנוכה געלד,

II. אחשורוש,

III. פארשטערטער פסח,

IV. ל״ג בעומר,

V. די פאהן,

VI. ראבטשיק,

VII. מתושלח,

VIII. דער זייגער,

IX. סענדער בלאנק (ערצעהלונג).

### דער דריטער באנד וועט אין גיכסטען צעשיקט ווערען.

מיר בעטען די יעהרליכע אונ ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנעמענטס־פרייז ניט שפעטער פון 1־טען אקטאבער, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערען.

### די אדמיניסטראציע.

אנמערקונג: 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) די „פרעמיע“ אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט.

יודישע

# פאלקס-צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען, האלב-יעהרליך . . . . 5 „ פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.
ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung“
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія“ Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ“:
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם“: יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 30 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.




## אונזערע צייטונגען וועגען אוגאנדא.

אין דער פרעסע פון די ווייסע חברה, צי העברייאיש צי זשארגאן, איז א ליארעם, א געפילדער. חברה ארבייט מיט דער גאל.

געקוילעט האט מען זיי. סטייטש, אזוי אבגענארט! גערופען זיי קיין באזעל, געמאכט הוצאות און גערודערט און ס'הייבט זיך גאר ניט אן. עפים גאר איין אפריקא ר"ל.

און דער עולם פראטעסטירט אויף אלע זייטען. בעווייבטע און נישט בעווייבטע יונגעלייטלעך פון אלע קליינע שטעדטלעך גיסען געביך אויס זייערע ביטערע הערצעלעך איבער דעם נייעם נאציאנאלען אומגליק, און שרייבערס מיט בערד און אהן בערד, דאקטוירים און ארויסגעטריבענע ראבינער שטעלען זיך אוועק און זאגען נבואות און סטראשען, אז עס פאלט אויף איינעם פשוט א מורא.

און וואו מען געהט און שטעהט הערט מען „פפוי“ און „פארראטער“ א. ז. וו. אלע מיינען זיי דאס: הערצל, חאזאנאוויטש, יעבץ וכו' וכו'. פון רייניס און זייניגע מזרחים שוין גאר ניט צו רעדען. אז די רבנים זענען צבוע'קעס איז דאך שוין איין אלטע מעשה. אונזערע יונגע האבען אבער ארויסגעפונען, אז זיי זענען גאר קיין יודען אויך ניט.

א שרייבער וואס וואהנט עפים אין א גרויסער שטאדט אין איינע פון די מדינות הים און וואס פלעגט זיך ארבלאזען צו אונז פון זיין אלימפישען זיץ און חוזק מאכען איבער אונזער ארבייט, שקלים, נאציאנאל-פאנד און נאך אזוינע קטנות המוחין און אמאל אויף א שמייכעל טון איבער'ן גאנצען עסק, שרייט איצט מיט'ן גאנצען כח: אדער א ציוניסטישען ציוניזם אדער גאר ניט. אנדערש וויל ער ניט.

אלע שרייען און ליארעמען און קיינער וויל זיך ניט געבען די מיהע אין זיין ארימען מחיל אביסל ארדנונג צו ברענגען, כדי אנדערע די קעפ ניט צו פארדרעהען.

האט איהר אונזער פיהרער די מיטעל אין די הענט געגעבען, וואס זענען איהם געווען נייטיג און ער האט די שליחות ניט גוט אויסגעפיהרט? האבען מיר די ברירה געהאט אין דער האנט אויסצוקלויבען און מיר האבען ניט געוואלט ארץ-ישראל און האבען אייך צו להכעיס גענומען אוגאנדא? איז דאס איין אומגליק, אז יודען זאלען האבען אויף יעדען פאל ערגעץ וואו איין אויטאנאמיע, וואו זיי וועלען זיין געשיצט און וואו זיי וועלען קענען לעבען ווי זיי ווילען און זיך ענטוויקלען נאך זייער געשמאק? וועט א יודישע אויטאנאמע קאלאניע, אונטערדריקען דעם נאציאנאלען געפיהל און שטערען די ענטוויקלונג פון אונזער שפראך און די יודישע קולטור? וועט א יודישע קאלאניע וואו עס וועלען זיך קענען צוזאמענקומען אלע קרעפטען פון דעם פאלק און וואו יודען וועלען באמת א פאלק ווערען, פארדרענגען אונזער הויפט-ציעל — ציון? זאלען מיר אזא פארשלאג, וואס האט אונזער בעוועגונג ביי יודען און ביי קריסטען אזוי פיעל רעספעקט און סימפאטיע פארשאפט, פארווארפען און בעסער זיצען מיט די הענט אין די קעשענעס און ווארפען מיט פראזען אויף אלע זייטען?

אז דיעזע לייט וואלטען זיך אלע דיעזע פראגען גוט פארגעלעגט און בעדענקט, וואלטען זיי גאר אנדערש גערעדט. אבער צו וואס טויג דאס זיי?

די זאך קומט פון ד"ר הערצל; די מזרחים און מדינים האבען דאס אונטערשטיצט; היינט ווי קאן מען ניט דאגעגען זיין? און וואס זאל ווערען פון דער אפאזיציע? און פון אלע די הויכע פראזען, דעמאקראטיע א. ז. וו.?

קיין סך הצלחה האבען זיי אפילו ניט. האט זיי גאט צוגעשיקט מיט עטליכע חדשים צוריק איין עסק מיט נארדוי און אחד-העם, און חברה האט זיך גענומען צושמירען איהם, מאכען דערפון מטעמים און פראטעסטירען, — פאלט אריין, מעשה שטן, קישינעוו אין מיטען און מאכט א תל פון דער גאנצער מעשה. קוים איצט דערלעבט א נייעם

עסק מיט אפריקא, א פּראַכט־אַרטיקעל, קפריסין, וואס מען וואלט געקאנט מיט איהם אויפריהרען וועלטען, רוקט זיך אומגעבעטענערהייט האמעל אריין, אונ געה טו עפּיס.

אין האמעל זענען אפילו קיין סך יודען ניט געהרג'עט געווארען. עס איז ניט אזוי סטראשנע. יודען וועלען זיך אביסל אויסוויינען, אונ די ווייסע חברה וועט ווייטער רוהיג קאנען שרייען: „אפריקא ניע זשעלאיעם!"

איך בין מוסר מודעה, אז איך בין אויך געווען א „למד־אלפ'ניק" אויף דעם קאנגרעס. אונ בשעת עס איז געקומען צום אבשטימען, האב איך דאס געהאלטען פאר מיין ציוניסטישען חוב צו שטימען געגען דעם פּראיעקט, ווי לייד עס האט מיר אויך געטאן, צו געהן געגען דעם ווילען פון אונזער פיהרער. עס איז זעלבסט פארשטענדליך, אז איך בין גאנץ ווייט דערפון צו קריטיזירען די דעלעגאטען, וואס זענען געגען דעם פלאן. אבער צו וואס איז דער ליארעם אונ די שטעכלעך איידער ס'איז נאך עפּיס בעקאנט פון דעם גאנצען עסק? וועלען מיר נישט האבען קיין צייט צו שרייען דערנאך, ווען די עקספּעדיציע וועט צוריק קומען אונ וועט אונז אבגעבען איהר רעפּארט?

ממה נפשך, וועט די עקספּעדיציע ברענגען גוטע רעזולטאטען, פארשטעהט איהר דאך, אז מיר וועלען ווייטער בלייבען די מינאריטעט אונ דאס פאלק וועט ביי די איצטיגע צושטענדע מסכים זיין אפילו אויף די הרי־חשך, דאן בלייבט דאך אונז ניט אנדערש איבריג, אדער נאכגעבען אדער ארויסטרעטען פון דער ארגאניזאציע; ברענגט זי אבער שלעכטע רעזולטאטען, דאן איז דאך דער גאנצער פלאן עבר ובטל מן העולם; היינט צו וואס שוין דערווייל שרייען?

איך דערמאן מיך דעם אבענד נאך דער אבשטימונג. די „ניין זאגערס" זענען צוזאמען געקומען 10 א זייגער אין א זאל אין קאנגרעס צו בעראטען זיך וואס מען זאל ווייטער טון. אלע האבען גערעדט: כהן־בערנשטיין, ראזענבוים, ד"ר יעקבזאהן; „האכדרוק" היינט, האכדרוק מארגען; פארנעוואלטיגונג אהין, פארנעוואלטיגונג אהער, זיך גערעדעהט, ווי די קאץ ארום די סמעטענע, אונ צום ריכטיגען פונקט ניט געקומען. אונ מיר, ניט־אפּאזיציאנעלע „ניין־זאגערס" זענען געשטאנען אונ ניט געוואוסט, וואס מיר טון דא אייגענטליך — ביז וואנען עס איז געקומען דיזענהאף אונ האט ארויסגעשטאמעלט די ריכטיגע סבה פון אונזער ארויסגעהן. — פאר וואס געוויינען זיך ניט אונזערע זאגענאנטע „פּערעדאוויי" צו ווייזען דעם רעכטען אויער מיט דער רעכטער האנט אונ צו רעדען מיט'ן פאלק דאס וואס זיי מיינען ווירקליך טיעף אין בוזעם?...

אונ אז איך הער שרייען „פארראטער", דערמאן איך מיך אן די ניין־זאגערס, וואס היינט האבען זיי געחלש'ט אונ אויף מארגען האבע זיי זיך געלאזט וועהלען אין די קאמיסיע. אונ אז איך האב געפרעגט איינעם פון זייערע חסידים אט דעם היכא תמצא, האט ער מיר א לאך געטאן אין פנים אונ געזאגט: הערסט, דאס איז דאך טאקי דער שכל. דערפאר איז ער טאקי אריין אין דער קאמיסיע, כדי אבצושוואכען דעם כח פון שטן. אונ איך דערמאן מיך, ווי אזוי יודען זענען נאכגעלאפען שבתי צבי אין מעצעט אריין אונ גאליציער חסידים האבען געהאלפען דעם רבי ר' בער זיך צו שמד'ען אונ געארבייט דערביי מיט כונות אונ צירופים. אין כל חדש תחת השמש.

זעהען דען ניט אונזערע ווייסע חברה, אז דאס פאלק געהט זייערע אייגענע וועגען אונ קימערט זיך גאנץ ווייניג אום זייערע עצות אונ בעלעהרונגען? ווייסען זיי דען ניט, אז דאס פאלק האט זיך שוין אויסגעלערנט צו דערקענען דעם אמת אונ אז עס זעהט איין די גרויסקייט פון דעם ציוניזם, וואס ער האט בעקומען דורך דעם לעצטען קאנגרעס אונ האט דערפאר נאך מעהר צוטרויען צו אונזער ענערגישען פיהרער אונ צו זיינע פאליטיק? אונ בעגרייפען זיי צולעצט ניט אז ווען די עקספּעדיציע וועט אראבקומען מיט גוטע רעזולטאטען, וועלען זייערע יעלות גאר ניט העלפען, ווארום דאס פאלק וועט איצט

# פעליעטאן.

## נאך דער חלוקה.

(א מעשה פון די רויטע יודלעך)

ארויסגעגעבען

פון

שלום־עליכם.

### הקדמה

מיינע לעזער בעדארפען געדענקען, אז איך האב אמאל באשריבען די רויטע יודלעך, וואס אויף יענער זייט טייך סמבטיון,*) זייער אויסזעהן, זייערע מנהגים, זייער שפּראך מיט אלע זייערע געננ, אונ האבען גאנץ גוט ארויסגעזעהן ווי ווייט זיי זענען נאך דארטען ווילדע, נאריש אונ אומגעבילדעט. פארביינעהענדיג האב איך אויך בארידהרט זייער ליטעראטור, זייערע מחברים מיט זייער ארט שרייבען; דאס איז אבער נאר געווען פארביינעהענדיג. אצינד האט מיר איינער פון די רויטע יודלעך צוגעשיקט א פּעקל כתבים אונ בעט מיך איך זאל זיין אזוי פריינדליך אפּדרוקען זיי דא אין אונזערע בלעטער, מחמת דארטען, אויף יענער זייט סמבטיון, איז נישטא דערויף קיין בעלנים. ארימע לייט, זאגט ער, ליגען אין דער ערד, זענען שטענדיג פארטראגען אין דאגות פּרנסה, אונ די גבירים זענען פארנומען מיט עולם הזה: אדער מע עסט, אדער מע זיצט אין טהעאטער אדער מע שפּיעלט אין קארטען — ווען האט א נגיד צייט צו לייענען? אונ אגב זענען די דארטיגע אריסטאקראטען, זאגט ער, מחילה גרויסע גראבע יונגען, וואס אחוץ אויסגעפּוצטע וואנסים, א ווייסע מאנישקע, א שיינער שניפּס מיט א גלאנצענדיגען צילינדער איז ביי זיי גאר נישט פארהאן, אבער טאקי לחלוטין גאר נישט. אונ דערצו זענען זיי אלע זעהר גרויסע עגאיסטען, האבען אין זינען נאר זיך מיט זייער נשמה: גוט עסען, גוט שלאפען, גוט לעבען, שיין אויספּוצען זיך, שיין ארויספאהרען, אונ קומט אויף דער נאכט - איז אדער מע שפּיעלט אין קארטען, אדער מע טאנצט מיט שאנסאנעטקים...

דא גיט מיר דער מחבר צו פארשטעהן דעם פּשט וואס הייסט דאס אזעלעכס „שאנסאנעטקים" אונ פארקריכט, דער רוח ווייסט וואוהין, לכן מאך איך איין עק מיט דער הקדמה אונ געה אריבער צו דער מעשה אליין.

*) אינ'ם „יוד" 1900.

שטעהן אונטער דעם איינדרוק פון קישינעוו און האמעל און וועט איצט גאנץ אנדערש טענה'ן?

כ'לעבען, שוין צייט אזוינע איינפאכע זאכען צו פארשטעהן, און זיך ניט מאכען צו נארען פאר'ן גאנצען פאלק.

י. מ. הלוי זאלקינד.

# זאנגוויל'ס רעדע אין לאנדאן

(ענדע).

זייט דעם פינפטען קאנגרעס איז אונזער פיהרער ד"ר הערצל צוויימאל געוועזען גערופען צום סולטאן קיין קאנסטאנטינאפאל. דער סולטאן, חאטש ער איז נאך אימער סימפאטיש צו אונזער פאלק, האט נאך ניט געקאנט איינזעהן דעם נוצען פאר איהם פון דעם, וואס מיר זאלען בעקומען איין אויטאנאמיע אין פאלעסטינא. ער האט נאך ניט איינגעזעהן, אז אונזער פארלאנג נאך פאלעסטינא בעדייטעט אויך א געשענק פאר איהם. ווען א מאן נעמט א ווייב, נעמט ער ניט נאר איהר, זאנדערען ער גיט זיך איבער אויך צו איהר. און ווען מיר בעטען פון סולטאן פאלעסטינא, בעשענקען מיר איהם צוגלייך מיט א נוצליכע בעפעלקערונג, וואס צאהלט שטייערען. זיינע האהייט איז, ווי עס זעהט אויס, גרייט אונז צו ערלויבען צו בעזעצען זיך אין פארשידענע ערטער אבער אהן בעזונדערע יודישע רעכטען. אבער ווייזען זיך דא און דארט אין לענדער, וואו מיר וועלען נאך זיין בעטראכטעט ווי פרעמדע איז ניט די ציוניסטישע לעזונג פון דער יודענפראגע, אפילו אז די שטיקלעך לאנד זאלען זיין אין פאלעסטינא גופא.

ד"ר הערצל האט דערפאר עפּיס נייעם געשאפען, ער האט איינגעזעהן, אז איבערמאכען דעם סולטאנס מיינונג איז נישט מעגליך און אז מיר מוזען שוין ווארטען אויף ארץ־ישראל, אזוי איז שוין ערגעץ אנדערש בעסער צו ווארטען ווי אין אייראפא, און בערעכענדיג, אז ווען מיר וואלטען בעקומען גלייכע רעכטען אין א וואסער עס איז טייל וועלט וואלט דיעזע אנערקענונג פון אונזערע נאציאנאליטעט אונז שוין א האלבען וועג קיין פאלעסטינא געבראכט און פון א געמישטען המון געמאכט א פאלק, — האט ד"ר הערצל זיין אויג אויף סיני געווארפען. דארטען איז דא א קליין שטיקל לאנד פון מצרים, וואס מען רופט עס על־אריש, און וואס האט פריהער געהערט צו פאלעסטינא. דא האט ד"ר הערצל געגלויבט צו קאנען מאכען א טריט נעהנטער צו פאלעסטינא. על־אריש אליין איז דאך קליין, אז זי זאל קאנען האבען א פראקטישע קאלאניזאציאנס־בעדייטונג; ד"ר הערצל האט דעריבער געווארפען איין אויג אויף דער גאנצער האלב־אינזעל סיני. דאס גרויסע רעליגיעזע אינטערעסע וואלט אונז צו געבונדען צו סיני און דער זכרון אן אונזער גרויסען געזעצגעבער און די נאהנטקייט פון דאס לאנד מאכט עס כמעט פאר א גייסטיגען טייל פון ארץ־ישראל. ד"ר הערצל האט געעפענט אונטערהאנדלונגען מיט דער ענגלישער און עגיפטישער רעגירונג און ביידע האבען מסכים געוועזען, אז מען זאל שיקען א יודישע עקספעדיציע, צו זעהן אויב עס איז מעגליך צו בעזעצען דארט א יודישע קאלאניע, וואס זאל זיך זעלבסט רעגירען. אונזער פריינד, הער גרינבערג, איז צוויי מאל געפאהרען נאך עגיפטען, צו איבעררעדען וועגען די בעדינגונגען מיט דעם לארד קראמער. ליידער איז אבער דער רעפארט פון דער עקספעדיציע געוועזען אהן האפנונג. דער מדבר סיני האט זיך ניט פארענדערט זייט אונזערע אבות האבען דורך איהם געוואנדערט, ער איז נאך ערגער געווארען. אויף דעם ארט, וואו עס האט אמאל ביי פעלוזיום געפלאסען א נעבענטייך פון דעם נילוס צווישען גרינלאנד—איז איצטער א וויסטע פון שטיינער זאמד און זאלץ. אבער דער צושטאנד פון אונזער פאלק איז נאך ערגער ווי דער מדבר, און ד"ר הערצל האט דעריבער ווייטער אונטערהאנדעלט, האפענדיג, אז דורך דעם ערנסט פון אונזער שטרעבען און אונזער ארבייט וועט א וואונדער

---

א.

אז גאט האט באשאפען די וועלט—אזוי הויבט אן דער מחבר צו דערציילען פון בראשית—אז גאט האט באשאפען די וועלט מיט אלסדינג וואס אויף דער וועלט געפינט זיך, האט ער זי באשאפען נאר פאר איין מענטשען, פון אדם הראשונ'ס וועגען. נאכדעם האט ער איהם געגעבען א ווייב חוה און די וועלט האט געהערט צו זיי ביידען גלייך אויף גלייך. נאכדעם, אז זיי זענען געשטארבען, האבען די קינדער זיי געירשעט גלייך אויף גלייך. און אז די קינדער זענען געשטארבען איז דאס גאנצע גוטס איבערגעגאנגען צו זייערע קינדער גלייך אויף גלייך, און פון די קינדער צו די קינדס קינדער און אור־אור אייניקלעך, אסך דורות. ביז די מענשען האבען זיך שטארק געמעהרט און ס'איז זיי געווארען ענג די וועלט און האבען זיך נישט געקאנט איינטיילען מיט'ן גוטס, וואס איז זיי געבליבען בירושה פון זייערע עלטער־עלטער זיידעס. האבען זיי זיך צעקראכען איבער דער גאנצער ערד, זיך אפגעשיידט, איינער פון דעם אנדערען, פארפרעמדט געווארען, אויסגעטראכט זיך איטליכער זיין לשון, פארהייליגט איטליכער זיין גלויבען, פארגעסען, אז זיי קומען ארויס אלע פון איין יחוס, און אנגעהויבען האלטען מלחמה איינס מיט'ן אנדערען, צונעמען איינס ביי דאס אנדערע דאס גאנצע פארמעגען — און ס'איז געווארען א מישמאש פון פארשידענע מענשען, מיט פארשידענע לשונות, מיט פארשידענע מנהגים מיט פארשידענע קלאסען, שטארקע און שוואכע, ארעמע און רייכע הארען און קנעכט, משרתים און בעלי־בתים—און אזוי האט זיך עס געצויגען א צייט מיט יאהרען און מענשען האבען געמיינט, אז אזוי בעדארף עס זיין.

נאר וואס ווייטער ווייטער איז די וועלט געווארען קלינער און מענשען האבען אנגעהויבען צו מומלען אויף דעם סדר העולם, אנגעהויבען שרייען: פאר וואס קומט איינעם גאר, דעם אנדערען גאר ניט? דער געשריי איז געווארען וואס ווייטער גרעסער און שטארקער און ס'איז דערפון ארויס נאך גרעסערע מחלוקת'ן און געשלעגע. אין ערשט נאכדעם, אז מענשען האבען זיך גוט אנגעמארדעוועט, גענוג אנגערעדט, אנגעשריגען, אויסגעגאסען פעסער מיט טינט, פארגאסען טייכען טרערען און ימים בלוט, האט מען ארויסגעזעהן בעשיינפערליך, אז ווייטער קאן עס אזוי ניט זיין, מע וועט זיך אזוי לאנג הרג'נען, שלאגען און עסען איינס דאס אנדערע ביז עס וועט נישט בלייבען קיין איינציגער מענש אויף דער ערד און עס וועט חלילה אונטערגעהן, חרוב ווערען די גאנצע וועלט.

על כן איז געבליבען, מע זאל אוועקשרייבען א פאפיר, א געבעט־בריף צום רבונו של עולם, ער זאל זיך אריינלעגען צווישען די מענשען און מאכען א שלום אויף דער וועלט.

וואו זשע געפינט מען אזא מענשען, וואס זאל זיין א חשוב ביי גאט און זאל קאנען אוועקשרייבען צום רבונו של עולם א פאפיר? געוויינטליך ביי אונז, ביי די רויטע יודלעך, ווארום וואו איז דא נאך

געשעהן און אז דורך גרויסע פלענער פון בעוועסערונג און גוטע אר־גאניזאציע פון די קאלאניסטען—וועט אויך דער דאזיגער מדבר בלי־הען ווי א בלום. אבער די שוועריגקייט אבצופיהרען וואסער פון דעם נילוס פאר אונזער צוועק האט גענויטיגט די עגיפטישע רעגירונג די אונטערהאנדלונגען אויפצוהערען. ענגלאנד איז פונדעסטוועגען אונזער גוטער פריינד געבליבען, און הער טשעמבערלען איז ניט וועניגער געוועזען אראבגעפאלען ביי זיך ווי מיר. אפילו אין די זארגען, וואס ער האט געהאט בשעת זיין רייזע אין זיד־אפריקא — האט מיניסטער טשעמבערלען ניט פארגעסען די בעשטרעבונגען פון דעם ציוניזם און אז ער איז דורכגעפאהרען דורך מצרים האט ער פאר לארד קראמער א גוט ווארט גערעדט פאר דעם סיני־פלאן. אז דער פלאן איז דורכ־געפאלען — איז הער טשעמבערלען באלד געוועזען פארטיג מיט איין אנדער פלאן, וועלכען ער האט טאקי באלד פארגעלעגט. דען בשעת ער איז דורכגעפאהרען דורך די שיינע אונבעזעצטע געגענד פון ענגליש אסט־אפריקא, א געגענד מיט א געזונטען קלימאט, וואס איז מיטעלמעסיג צוליב די הויך פון לאנד און וואס איז אויסגעצייכענט גוט פאר ווייסע מענשען, האטש זי איז נאהנט פון דעם עקוואטאר — האט הער טשעמבערלען געזאגט: אט דא איז דאס פאסענדע לאנד פאר ד"ר הערצל! הער טשעמבערלען האט נאטירליך ניט גע־וואוסט, אז די האפנונגען פון די ציוניסטען בעשרענקען זיך נאר אויף פאלעסטינא אליין. ווארום בשעת ער האט צו ערשט דעם ד"ר הערצל זיין פארשלאג געמאכט — האט איהם ד"ר הערצל ערקלערט, אז זיין בעפאלמעכטיגונג ערלויבט איהם ניט קיין שום לאנד אנצונעמען א חוץ פאלעסטינא און די נאהנטע לענדער. הער טשעמבערלען האט נאטירליך ניט געקאנט פיהלען די בעדייטונג פון פאלעסטינא אזוי ווי ד"ר הערצל. איהם האבען די קישינובער טראגעדיע, דאס צוזאמענ־פאקען פון די יודען אין דער „טשערטא" און די רומענישע ענגע שמוציגע גאסען — ערגער אויסגעוויזען ווי צו פאררוקען פאלעסטינא אן א זייט. און אז ער האט ד"ר הערצל'ען דעם גרויסארטיגען פארשלאג נאך אמאל געמאכט — האט אונזער פיהרער געפיהלט, אז האטש ער האט קיין רעכט ניט דאס אנצונעמען—האט ער נאך וועניגער רעכט אבזאגען עס, נישט פארשלאגענדיג פאר'ן קאנגרעס. וואס וואלטען ציוניסטען, ווי הער בענטוויטש געזאגט, ווען — בעהיטע גאט — ער־גערע שרעקען ווי אין קישינוב וואלטען ענטשטאנדען און יודען וואלטען אין טומעל ארומגעלאפען צו זוכען א מקום מנוחה, אז ער וואלט דערוואוסט, דאס מען האט דעם ד"ר הערצל דעם פארשלאג געמאכט און ער האט איהם אבגעזאגט, ניט מודיע'דיג זיין זיי? פאר וואס האט אזוי הער בענטוויטש געפילדערט געגען דעם פיערטען קאנגרעס אין לאנדאן, ווייל ער האט נישט געטאן גענוג פאר די רו־מענישע אנטלאפענע? ד"ר הערצל האט נאטירליך ניט געוואלט פאר־ווארפען א פלאן וועגען רעטונג פון אונזערע עלענדע מאסען. ער האט דאס געטאן ניט ווייל ער ליבט פאלעסטינא וועניגער, נאר ווייל ער ליבט זיין פאלק מעהר. וואס עס איז נוגע צו מיין אייגענער פערזאן — בין איך זיך מתודה, אז איך האלט שטענדיג פון דעם גוטען אלטען יודישען שפריכווארט „לעולם תקח"! ד"ר הערצל'ען האט מען אויפ'ן קאנגרעס שטארק אנגעגריפען. פאר וואסער חטא אבער? פאר דעם וואס פאנגענדיג על־אריש, א טייל פון פאלעסטינא, האט ער אנשטאט דעם געפונען אין נעץ א טייל פון אסט־אפריקא. און אנ־שטאט דאס אריינצווארפען צוריק אין ים אריין—האט ער עס געבראכט אויפ'ן קאנגרעס און האט געזאגט: רבותי, דאס איז ניט פאלעסטינא און קאן קיינמאל ניט זיין פאלעסטינא. אפשר קאן עס אבער אונז צונוץ קומען, כל זמן מיר וארטען, אלץ איין עיר מקלט פאר אונזערע פארפאלגטע מאסען און אויך אלץ ערציהונגס אנשטאלט פאר ארץ־ישראל, אין וועלכער מיר זאלען לערנען צו פאראייניגען זיך און צו רעגירען און זיך ווידער פעסט אוועקשטעלען אויפ'ן באדען. ער האט אפילו ניט געבעטען אנצונעמען אדער צו פארווארפען זיין אונגער־

---

אזא פאלק, וואס זאל קאנען זאגען: אתה בחרתנו מכל העמים, דו האסט אונז אויסדערוויילט פון אלע פעלקער, ווי מיר רויטע יודלעך, וואס אויף דער זייט סמבטיון?... און עס האט זיך געפונען ביי אונז איינער א מענטש מיט א פען, א כתבא רבה, וואס האט זיך אונטער־גענומען דאס אלסדינג פארלעגען פאר גאט, אויפשרייבען דאס אלסדינג אויף פאפיר, געוויינטליך אויף לשון קודש, נאר אזוי עס זאל זיין איין מאל א פאפיר!

אנגעהויבען האט זיך דאס פאפיר געוויינטליך מיט א שבח והודיה, מיט א לויבעניש אין טאג אריין: „דו ביזט א גרויסער גאט, א שטאר־קער גאט, א מורא'דיגער גאט", ווי געוויינטליך אלע תפלות הויבען זיך אן...

נאכדעם איז געגאנגען ביי איהם א בעשרייבונג פון דער וועלט, וואס פאר א טייערע וועלט, וואס פאר א שיינע, וואס פאר א ליכטיגע, וואס פאר א קלוגע וועלט דאס איז!...

שיין, גרויסארטיג שיין האט ער באשריבען די וועלט, און נאכדעם האט ער זיך גענומען צום סאמע רעכטען ענין פונ'ם פאפיר, פונ'ם נעבעט־בריף.

און דער רעכטער ענין איז געווען דאס, וואס מענשען זענען שוין אלע ברוך השם גענוג קלוג און געבילדעט און וואלטען זיך גע־קאנט אפלעבען גליקליך מיט פארגניגען זייערע זיבעציג יאהר אויף דער ערד.

איז אבער דער חסרון וואס ניט אלע זענען גלייך בעטיילט נישט מיט ערד, נישט מיט ברויט, נישט מיט געלד.

איינער האט גאר, דער אנדערער גאר ניט.

איינער פארמאגט בערג מיט גאלד, מיליארדען: דער אנדערער געהט אויס נאך א פרוטה, פארשטעלט זיך פאר א בעטלער, ציהט אויס די האנט און ווארט ביז עמיצער וועט זיך דערמאנען, איהם אריינ־ווארפען איין אלטען אפגעריבענעם גראשען.

איינער פליהט ארום אויף גומעלאסטיקענע רעדלעך, בעצאהלט פאר איין אנבייסען ערגעץ מיט א יפהפיה א שאנסאנעטקע אזוי פיעל ווי פיעל דער אנדערער ווינשט זיך עס פארמאגען זיין איינענס, האטש האלב, האטש א צעהנט חלק!...

איינער געהט ארום פוסטע־פאס און ווערד שיער נישט משוגע, ברענט געלד אויף דעם ליכט, און דער אנדערער ארבייט ביי 40 גראד היץ, געהט אפ מיט שוויים, לעגט אוועק דאס גאנצע געזונט ביז ער פארדיענט קוים אויף א בולקע.

און בכדי צו נעמען דעם רבונו של עולם מיט סטאטיסטיקע, מיט חשבונות, האפט ער אן איינעם פון די גרעסטע קאפיטאליסטען, עפיס א געוויסען ראקפעלער פון אמעריקא, וואס פארמאגט נישט מעהר ווי פיער מיליארד קאפיטאל און פארדיענט נישט מעהר ווי צוויי הונדערט מיליאן א יאהר, דאס מאכט אויס אזוי גרויס ווי זיבענהונדערט טויזענט רובל א טאג, און זיין ארבייטער, וואס הארעוועט מיט'ן בלוטיגען שוויים

ווארטעטען צוגאב צו די כחות פון ציוניזם. ער האט נאר איינפאך געבעטען, אז עס זאל געזעצט ווערען א קאמיסיאן צו אונטערזוכען די געגענד. דיעזער פשוט'ער פארשלאג האט אזוינע ברענענדיגע רעדען ארויסגערופען, געגען וועלכע ד"ר גאסטער'ס בריף אין דער יודישער פרעסע איז נאר א שוואכער און א פארשפעטיגטער. און אז מען האט נאך א שווערער שעה פון אבשטימען, וואו יעדען דעלעגאט'ס „יא" אדער „ניין" האט געקלונגען ווי די האמערשלעג פון דעם שיקזאל, וואס שמידט די צוקונפט פונ'ם יודישען פאלק, ווען מען האט נאך דעם געפונען, אז די וואס האבען געזאגט „ניין" זענען געשלאגען געווארען ביי 295 צו 177, האט די בעזיגטע קלענערע צאהל, מייסטענס רוסישע ציוניסטען — אנשטאט אנצונעמען די אבשטימונג פון די רוב דעות, ווי עס איז איינגעפיהרט אין אלע קאנסטיטוציאנעלע פארלאמענטען — פארלאזען דעם קאנגרעס.

איך וואלט געקאנט זייער אויפרעגונג בעוואונדערען אהנע צו בעוואונדערען זייער שכל. האב איך ניט געזאגט, אז דער טאג וואס מיר וועלען בעקומען ארץ ישראל וועט זיין דער שרעקליכסטער טאג פון אונזער בעוועגונג? אנשטאט צו זינגען לידער און זיך האלטען דראמאטיש — וועלען מיר מוזען ארבייטען.

אבער דיעזע לידער, דיעזע דראמאטישע האלטונג זענען פראסט פארגליכען געווארען מיט דאס וואס קומט שפעטער. קאמיש זיך איינבילדענדיג, אז מען האט פון זיי גערויבט פאלעסטינא, וועלכע זיי האבען נאך קיינמאל ניט געהאט, האבען איינגע רוסישע בעקומען היסטעריקע, די הענט געבראכען און זיך אויף דר'ערד געוואלגערט, די פרויען האבען געחלש'ט, די מענער האבען געוויינט און געקלאגט אז היינט איז זייער תשעה באב; און איך בין ארומגערינגעלט פון א נאראד, וואס האט געוויינט און וואס האט מיך געבעטען צו קומען און טרייסטען זיי. איך האב שיער אויך ניט געוויינט, אבער ווי איינער וואס וויינט צוליב די זארגען פון קינדער, ניט פון מענער. און מיינע געדאנקען זענען געקומען אויף דער סצענע פון א טאג פריהער צו דעם גרויסען שוי-טורנען, וואס א קאמפאניע ציוניסטען האבען געוויזען דורך זייערע וואונדערבארע געשיקטקייט און מוסקעלן, א בעווייז, אז די יודישע לעבענס־קראפט טרייבט נאך רויט בלוט דורך די אדערען פון אונזער יוגענד. אריבער די זיפצען פון די אבלים האב איך געהערט דעם טראפ־טראפ פון די מארשירענדע ציוניסטען און דעם שטירמישען אפלאדירען פון דער גרויסער פערזאמלונג, וואס ווינשט די פהיזישע רעגענעראציאן פון אונזער פאלק. און איך האב מיר געזאגט: אין יודישע בלוט און מוסקעלן און ניט אין יודישעם וויינען און זיפצען ליגט די האפנונג פון אונזער פאלק. דיעזע ליידענשאפט צו פאלעסטינא איז ריהרענד. עס איז געווען ליב צו הערען ווי קישינובער דעלעגירטע זאגען זיך אב פון אסט־אפריקא. ווען א גרויס לאנד אבער, ווי ענגלאנד, שלאגט פאר די ארימע יודען איין עפענטליך רעכטליך געזיכערטע היים אין איהרע בעזיצונגען — וואלט א רעפליבע אונטערזוכונג פון דיעזען פארשלאג א סך שענער געוועזען, אבוואהל ניט אזוי טהעאטראליש ווי דער דראמאטישער „ניין". וואס וועט זיין, אז אין גיכען וועט א מחנה פון יודישע עמיגראנטען וועלען קומען קיין ענגלאנד און ענגלאנד וועט זאגען „ניין"?

אבער דאך, זעגענדיג געריהרט פון די ליידען פון איינגע רוסישע ציוניסטען האב איך זיי פארשפראכען צו קומען צו זיי אין אבענד צעהן א זייגער און איבערעדען מיט זיי. אז איך בין אנגעקומען — האב איך דארטען געפונען אונזער שעף בעשעפטיגט מיט דער ארבייט. און ביז האלב צוויי אין דער נאכט האט אונזער ארימער אויסגעמוטשעטער פיהרער זיך געמוזט אבפלאגען צו געבען זיי צו פארשטעהן די איינפאכסטע פאקטען פון דעם פאל. דא מוז איך אייך זאגען, אז עס איז נישטא קיין דמיון צו די מסירת נפש און אונאייגענניציגע ארבייט פון אונזערע דעלעגאטען, אנגעהויבען פון א הערצל אדער א נארדוי אדער א מארמארעק ביז צו דעם נידריגסטען נאכפאל־

---

אויף איהם זעכצעהן שעה אין מעת לעת פאר אנדערהאלבען קארבען, דארף אויסהאלטען דערמיט א ווייב מיט זעקס הונגעריגע, נאקעטע און בארוויסע קינדער מיט א קראנקע מוטער ערגעץ אין א פינסטערען, נאסען, קאלטען קעלער.

ווען דער דאזיגער נארישער ראקפעלער — זאגט דער שרייבער פונ'ם פאפיר — ווען דער דאזיגער ראקפעלער כאפט זיך אויף אין א שיינעם פריהמארגען און וויל זיך קויפען עולם הבא און רופט צונויף א מיליאן ארעמע ארבייטער און זאגט זיי: „נאט אייך, ברידער, לאמיר זיך צעטיילען אלע גלייך!" בעקומט דאך יעדער ארימאן אויף זיין חלק נישט מעהר און נישט ווינציגער ווי פיערטוזענט קארבען!

וועה וועה, ווי פיעל ראקפעלערס, ווי פיעל וואנדערבילדס, ווי פיעל רויטשילדס עס זענען פארהאן אויף דער וועלט — לאזט אויס דער שרייבער — און קיינעם איז נאך ביז אהער ניט איינגעפאלען אזא געדאנק! אדרבה, טאמער דערהערען זיי אז ארימע לייט קרעכצען, ארימע לייט מומקען אויף זיי, ארימע לייט ציהלען זייער פארמעגען, ווערען זיי אנגעצינדען און צעבייזערען זיך: „א קיש! ניט אייער עסק! איהר דארפט ארבעטען און זאגען א דאנק וואס מע גיט אייך ארבייט!..."

און אז סע מאכט זיך ביי דעם ראקפעלער, ביי דעם וואנדערבילד, ביי דעם רויטשילד א שמחה, א יומא דפגרא, ווארפט ער ארויס א ביינדל פאר די מיליאנען ארעמע לייט און שרייט אויף קולי קולות און בלאזט אין אלע שופרות: „איהר זעהט? דאס האב איך געשענקט צום טאג פון מיין געבאהרען;..."

דאס קאן פארדריסען און דערפון נעמען זיך אלע מחלוקת'ן מיט אלע הריגות צווישען מענשען...

בכן איז וואס?

בכן בעטען מיר דיך, אלמעכטיגער גאט, דער האר פון אלע הערשאפטען, אינ'ם נאמען פון אלע הונדערטער מיליאנען ארימע, פינסטערע דערשלאגענע, אויסגעהארעוועטע, קראנקע ארבייטער, דו זאלסט זיך אריינלעגען אין א שלום, זאלסט זיך מטריח זיין אליין כביכול מיט דיין כבוד מאכען א ריכטיגען חשבון, איינקאסירען דאס גאנצע געלד פון דער וועלט און מאכען א חלוקה צווישען אלע מענשען גלייך, וועט אויפהערען זייער קנאה, שנאה, מחלוקת'ן, זידלערייען מיט בלוט פארגיסען, און עס וועט ווערען שטיל און רוהיג אויף דיין וועלטל, ווי אין פסוק שטעהט געשריבען"...

נעוויינטליך האט דער שרייבער ניט געזשאלעוועט קיין פסוקים פון די הייליגע ספרים פון אמאל און אויך פון די ביכער פון די שפעטערינע דורות מיט אלע חכמים און גרויסע לייט פון אצינד, און דאס פאפיר האט אנגעהויבען געהן מיד ליד, און אלע (אחוץ די נגידים געוויינטליך) האבען דאס פאפיר אפגעחתמ'עט און מע האט דאס פאפיר אוועקגעשיקט גלייך אהין ארויף צום בית דין של מעלה.

(פארטזעצונג קומט).

גער. קיין שום ארבייט איז ניט צו שווער און צו לאנג, און קיין שום רוהע וועניג. ד"ר הערצל האט מיך בעפרייט פון מיין הבטחה, און אויף מארגען אין דער פריה זענען די געגנער צוריקגעקומען אין דעם קאנגרעס. אפשר זענען דא אויך פאראן אזוינע, וואס ליידען די זעלבע יסורים ווי יענע צו זיי וויל איך זאגען, ווי איך האב געוואלט זאגען צו יענע: מיינע קינדער, אנגענומען, אז דער טאג, ווען מיר בעקומען צום ערשטען מאל נאך אכצעהן הונדערט יאהר א שיינע, פרוכטבארע לאנד, צו לעבען דארט אונטער א יודישען גובערנער און דעם שוץ פון דער ענגלישער פאהן, אנגענומען, אז דער טאג מוז בעטראכט ווערען ווי א נייער תשעה באב; אבער דער טאג איז דאך נאך ניטא און ווען די קאמיסיע קומט צוריק און מאכט בעקאנט, אז דאס לאנד טויג פאר א יודישע קאלאניזירונג, מוז דאך ערשט א נייער קאנגרעס בעשליסען, צי מען זאל דעם פלאן אננעמען אדער ניט. פאראייניגט אייערע כחות, וועקט אויף די ציוניסטישע מיינונג, און ווען עס קומט צום אבשטימען, זעהט אז איהר זאלט האבען די רוב דעות. אויב עס געליסט זיך אייך אזוי צו האלטען א נייעם תשעה באב, האט איהר עס גאנץ גוט געקאנט פאר א חודש אדער צוויי, ווען מען האט בעשלאסען דעם ציוניזמוס צו פארוועהרען, אויבער איז נאר א רעדענדיגע ארגאניזאציע, וואס פארשטארקט נאר דעם יודישען נאציאנאל געפיהל. מען וויל איהם ניט האבען, ווען ער איז ניט קיין בעוועגונג, וואס פיהרט ארויס די יודען פון פרעמדע לענדער. דעריבער ווען איהר וועט ניט בעווייזען, אז איהר זייט איצט דערמיט בעשעפטיגט, דאס פאלק ארויסצופיהרען פון דארט, וועט אייער גאנצע ארגאניזאציע צעשטערט ווערען, אייערע אקציעס קאנפעסקירט, אייערע אספות פארמאכט, און אזוי ווי טערקיי ערלויבט ניט אריבער צו פיהרען דאס פאלק קיין פאלעסטינא און ענגלאנד מיט ניו־יארק מאכען זייערע טויערען אויך צו, איז דאך דאס א השגחה זאך פאר אייך, צו האבען מזרח־אפריקא און שיקען דערוויייל א היין, כל זמן מען דארף נאך ווארטען ביז וואנען די טירען פון ארץ ישראל וועלען זיך אויפמאכען און אז אנדערע זאלען דערווייל די בעוועגונג לאזען לעבען. פאר וואס האלט איהר נישט דעם תשעה באב פון פאר עטליכע יאהרען, אז דער סולטאן האט פארשלאסען די טירען פון ארץ־ישראל? ווען איהר וואלט ניט געווען א זעלבע קינדער, וואלט איהר יענעם טאג געדארפט מעהר בעוויינען. יא, די טיר פון פאלעסטינא איז פארמאכט, וואס מאכט מען? איז איין עצה צו גערן ארום דורך די הינטער טיר. האט ד"ר הערצל ניט געדענקט וועגען על־אריש? אבער עס איז דא איין אנדער וועג צו טון, אז מען פארשליסט איינעם די טיר פאר'ן נאז — אוועק צו געהן. דער דאזיגער מיטעל איז איבערהויפט גוט, ווען הינטער דער טיר זיצט איין אנדער טערק, וואס האט עפיס צו פארקויפען. איך האב אליין געהאנדעלט אין טערקישע קראמען, און ווען איך פלעג שוין פארליערען די געדולד און פלעג אוועקגעהן, פלעג מיר שטענדיג דער קרעמער נאכלויפען. אבער ווען מיר זאלען שוין אננעמען דעם ערגסטען פאל, אז דער שרעקליכער תשעה באב קומט אן און די ציוניסטישע אנפיהרערס זענען געצוואונגען צו גרינדען איין ענגליש־ציוניסטישע קאלאניע אין מזרח־אפריקא, איז דאס א שריט צוריק? עס איז דאכט זיך גיכער א שריט פאראווערטס. אז פאלעסטינא זאל הונדערטער יאהרען בלייבען פאר אונז געשלאסען, מוזען מיר דען די גאנצע צייט זיצען מיט צוגעפאלעגטע הענט? געוויס איז דאס א לאנגער אומוועג צו געהן דורך מזרח־אפריקא, אבער אמאל איז דער קורצער וועג דער לענגסטער און דער לענגסטער — דער קירצעסטער. עס זענען דא פיעל ציוניסטען, וואס זענען געגען מזרח־אפריקא, וואס וואלטען גאר נישט געווען דאגעגען, ווען עס וואלט געוועזען ציפערן אדער ארם, ווייל עס איז נעהנטער. ד"ר גאסטער אליין האט דאכט מיר גענומען איין אנטייל אין די קאלאניזאציאנס־פלענער אין אנאטאליע און די ארומיגע לענדער. נאר נאהנטקייט איז ניט נאר געאגראפיש, ניט נאר אין דעם רוים, אבער אויך מאראליש. איינער אין לאנדאן מיט איין אסיגנאציע פון צעהן פונט שטערלינג איז נעהנטער צו ניו־יארק ווי איינער אין טשיקאגא אהן א דאלאר אין קעשעניע. זאלען זיי ביידע מארגען פריה א היין אוועקגעהן און איהר וועט זעהן ווער עס וועט פריהער דארט אנקומען. א בליהענדע געמיינדע פון יודען אויף א פרוכטבארע ערד פון אכצעהן טויזענט קוואדראטנע מיילען וואלט נעהנטער געווען צו פאלעסטינא, ווי אלע ציוניסטישע חברות פון דער וועלט א גאנצען טאג רעדענדיג וועגען איהר. איך מיין נישט, אז די יודישע מזרח־אפריקאנער אליין וואלטען געמוזט אריבער קיין ארץ־ישראל, אבער זייער טעריטאריע וואלט געווען דער צענטער פון דער יודישער פאליטישער קראפט און א טייל פון זייער בעפעלקערונג און ענערגיע וואלט געקאנט דארט אהין אריבער. אין יודענטום געהט אלסדינג פון אויבען אראפ און ווען ביי אנדערע פעלקער פיהרט זיך, אז די מוטטער־לאנד גרינדעט קאלאניען, וועט ביי אונז די קאלאניע גרינדען די מוטער־לאנד. — אפריקא איז ניט פאלעסטינא! אבער באזעל איז אויך ניט מעהר, פארוואס געהען מיר קיין באזעל? איך וואונדער מיך וואס איינינע ציוניסטען האבען ניט פארלאנגט, אז די קאנגרעסען מוזען זיין אין ירושלים. מזרח־אפריקא וועט איצט ווערען אונזער באזעל.

אכטצעהן הונדערט יאהר האבען מיר געבעטען פאר פאלעסטינא; פאר וואס זענען מיר אזוי אונגעדולדיג, פאר וואס ווארטען מיר אויף נסים איצט אז מיר האבען בעשלאסען צו ארבייטען וועגען דעם? מיר האבען ערשט אנגעהויבען אונזער וועג קיין ציון. די געשעפטען פון פעלקער בעוועגען זיך ניט נאך יאהרען, נאר נאך הונדערטער יאהרען. גאט אליין האט געדארפט 40 יאהר פיהרען אונזערע אבות קיין ארץ ישראל און אפילו משה רבנו האט נישט געקאנט מעהר ווי א קוק טון אויף דעם לאנד. פאר וואס זאלט איהר וויינען ווייל איהר קענט ניט אליין א היין קומען? זייט צופרידען, וואס איהר גרייכט אן צום וועג פאר אייערע אור־אייניקלעך, געדענקט דעם שיינעם שפרוך אין תלמוד: כי לא עליך המלאכה לגמור ולא אתה בן־חורין להבטל ממנה. — איך וויים, אז עס זענען דא ציוניסטען, וואס האבען מורא אז דער פארשלאג איז צו גוט און אז יודען וועט דארט גוט געהן און זיי וועלען פארגעסען אן ציון. וואס פאר א שלעכטע מיינונג מוזען זיי האבען פון דעם ציוניזם! איז דעם ד"ר הערצל געווען שלעכט אין וויען? האט ער ציון פארגעסען? אויף דעם קאנגרעס זענען אלע פיער עקען פון דער וועלט געווען פארטרעטען. זאלען די אלע לענדער געדענקען ציון און דאס יודישע לאנד מיט יודישע נאציאנאלע מנהגים און יודישען גאווערנער זאלען פארגעסען?

אז אונז ציוניסטען וועט דער עסק א קאפעקע ניט קאסטען, די שקלים האט מען געקליבען פאר ארץ ישראל, און כל זמן דאס פאלק, וואס האט זיי געגעבען, וועט ניט איינשטימען טארען מיר דערפון גאר ניט אנריהרען פאר איין אנדער צוועק. די קאסטען פאר דער עקספעדיציע וועלען מיר נעמען פון אנייעם פאנד. עס איז דא אסך מענשען, וואס קענען ניט איינזעהן, אז מען דארף האבען א קאלאניע מיט נאציאנאלע מנהגים, וואס פארשטעהען אבער, אז מען דארף האבען איין עיר מקלט, אנאכט־אזיל. אונזער פלאן פאסט אויך פאר דיעזע, ווי א געוויסע מאדנע מעבעלשטיק, וואס דיענט ביי נאכט פאר א בעט און ביי טאג פאר א קאמאדע.

ד"ר גאסטער איז אויך געגען דעם פלאן; וואלט ער אבער גע־גאנגען צום קאנגרעס, וואלט ער וועניג רבנים געפונען, וואס וואלטען מיט איהם געהאלטען. ד"ר חאזאנאוויץ, וואס האט זיין גאנצען לעבען געשענקט ארץ־ישראל און וואס לעבט און ארבייט פאר די ביבליא־טעק אין ירושלים, איז אויך געוועז שטארק פאר מזרח־אפריקא. ער איז אבער ניט פון די ציוניסטען, וואס רעדען. איין אנדערער יודישער קריטיקער געהט ווייטער, זאגט ד"ר גאסטער, אז מיר דארפען נאר פאלעסטינא, צו ע' האלטען דארט אונזער נאציאנאלע לעבענספארם. פארזיכערט אבער לוסיען וואלף אין זיין בריף אין "טיימס", אז אזא פארם עקזיסטירט גארניט ביי אונז, און אז מיר האבען גאר ניט קיין נאציאנאלע מנהגים, וואס מען דארף פאר זיי האבען א בעזונדערע יודישע לופט. אלעס וואס מיר האבען איז אונאנגענעהמע מדות, וואס מיר האבען בעקומען אין די לענדער, וואו מען פארפאלגט אונז. דאס איז די מיינונג פון איינעם פון די מאורות הגדולים פון דער ענגלישער יודישער היסטארישער געזעלשאפט. ווען לוסיען וואלף רעדט פון אונאנגענעהמע מדות, מיינט ער, בלי ספק, אין מאטעריעלע ענינים. אבער זענען די מאראלישע חסרונות ניט פיעל ערגער? די חסרונות פון אבלייקענען די נאציאנאלע מעלות. וואס א געוויסע טייל פון אונזער פאלק האט זיך איינגעשאפט. "דעם יודען דערקענט מען דורך זיין איינגעבויגענעם גאנג", האט מען געזאגט אין מיטעלאלטער, און א גרויסער פראנצויזישער שריפטשטעלער איז מוסיף: "אז דער יוד זאל צוריק בעקומען זיין מענשליכקייט דארף ער האבען ניט הילף, נאר פרייהייט". פאר א קנעכט, וואס האט ניט געוואלט ווערען פריי, האט משה ארויסגעפונען די בעסטע בעהאנדלונג. זיין הער זאל איהם דעם אויער בויערן מיט איין אהל און ער זאל איהם דיענען אייביג. דאס יודי־שע פאלק מוז איצט בעשליסען: אדער ווערען פריי אדער זיך לאזען בויערען דאס אויער פאר אייביג. אויב מיר קענען נאך ניט זאגען: לשנה הבאה בארעא דישראל! וועלען מיר אבער אפשר שוין קענען זאגען: לשנה הבאה בני חורין! לוסיען וואלף האט מורא, אז די יודען וועלען ווערען אבגעריסען פון דעם ציוויליזירטען מיליע פון די וייטשעפלער קריסטען, וועלען די יודען אריבער שלעפען דעם פוילישען גהעטא אין זייער נייער קאלאניע. לוסיען וואלף האט אבער נישט די קליינס־טע אידעע פון די קרעפטען, וואס ענטוויקלען זיך איצט אין יודענטום, פון דעם נייען דור מיט זיין שטארקע אבגעזונדערטקייט און פון די ארטיסטישע, ליטעראַרישע און וויסענשאפטליכע בעוועגונגען, וואס דער ציוניזם האט ארויסגערופען. ער קען נאר דאס יודענטום פון זיין יוגענד, און אלס היסטאריקער האט ער נאר א ריכטיגען קוק אויף דאס פארגאנגענע. דאס וואלט אבער אלעס ניט געשאדט ווען ער וואלט דערמיט ניט געגעבען קיין פתחון פה צו אונזערע שונאים, צו האלטען אונזערע ארימע ברידער פאר נישט קיין געבעטענע געסט. קיין אנטי־סעמיטישער פארשטעהער האט נאך ביז איצט ניט געגעבען פון יודען אזא שלעכטע מיינונג ווי לוסיען וואלף, וואס זייענדיג א יוד איז זיין מיינונג עלול צו דיענען פאר א געוועהר אין די הענט פון אונזערע שונאים. און מיר זעהען שוין באמת, אז סער הערי דזאנסטאן, וואס איז די גרעסטע אויטאריטעט בנוגע צו מזרח־אפריקא, קוקט שוין דורך לוסיען וואלפ'ס ברילען, און לארד הינדליפ פארגלייכט שוין די "נישט געבעטענע פרעמדע סעמיטען" מיט די ערשטע פארברעכער וואס מען האט געוואלט מיט זיי בעזעצען קאנאדא.

דער קריסטליכער געלעהרטער לערוא־באליע שרייבט: יעדעס־מאל ווען איך בעגעגען יענע טרויעריגע וואנדערונגען פון רוסיש־יודישע וואנדערער, וועלכע זוכען פרייהייט, פרעג איך מיך, אויב איינע פון די יודישע פרויען, אויסגעמוטשעט פון צרות אין דעם וועג, טראגט ניט אין איהר לייב א צוקינפטיגען משיח פון דער קונסט אדער דער וויסענשאפט, און אין די אויגען פון דעם יודען לוסיען וואלף זענען זיי א ווילדע באנדע. בשעת מיר האבען פערהאנדעלט מיט דער טערקישער רעגירונג האט אונז לוסיען וואלף פארגעווארפען, פאר וואס מיר האבען צו טון מיט א מערדער, וואס רודפ'ט די קריסטען; איצט אז מיר פערהאנדלען מיט ענגלאנד זידעלט ער ענגלאנד, פאר וואס זי האט צו טון מיט אונז. אין דער חברה אגודת אחים האט ער אונז בעשולדיגט, אז מיר ציהען דא אריין די פרעמדע; איצט, אז מיר ווילען זיי פיהרען קיין מזרח-אפריקא, זידעלט ער אונז אויך דערפאר. איך הויב באמת אן צו גלויבען, אז הער וואלף איז דער אמת'ער העלד פון דעם משל "דער וואלף און דאס שעפסעלע"; וואס מיר ציוניסטען טוען געפעלט אלעס דעם וואלף ניט. הער וואלף איז נאך א גרעסערער אימפעריאליסט פאר טשעמבערלען. אנשטאט צו פרייען זיך, אז עס וועט קענען ערגעץ וואו אין דער וועלט בעשאפען ווערען א יודישע קאלאניע, ווארענט ער טשעמבערלען פאר דער סכנה, וואס קאן ארויסקומען דערפון פאר ענגלאנד. עס איז דערזעלבער נוסח, וואס די ענגלישע פאליטיקער האבען געברויכט בשעת זיי זענען געגען אריינלאזען יודען אין ענגלאנד, ווי עס איז לייכט צו געפינען אין וואלפס ביכער. ווען ענגלאנד איז אזוי גוט צו יודען, האט באמת קיין יוד ניט דאס רעכט צו זיין דאגעגען, דערויף זענען דא גענוג קריסטען. איין ענגלישער לארד האט שוין טעלע־גראפירט, ניט קוקענדיג וואס א ווארט קאסט 5 שילינג: "די בע־פעלקערונג איז שטארק געגען די אריינפיהרונג פון פרעמדע עמיגראנטען". און אויף דער גאנצער טעלעגראפישער ליניע הער איך די הונט בילען פון דעם פארט פון מאמבעזא; טשעמבערלען פאר־שטעהט אבער די זאך ריכטיגער: א בעסערער פאליטיקער פאר דעם סולטאן, האט טשעמבערלען איינגעזעהן, אז בשעת מיר ברויכען א לאנד, ברויכט מזרח־אפריקא א בעפעלקערונג, און אז ער זאל נישט געבען קיין בעזונדערע יודישע רעכטע, וואלטען די ציוניסטען קיינמאל ניט געוואלט אויסנוצען זייער מאראלישע ווירקונג צו עמיגרירען אהין. נאר איין עיר מקלט, אהן יודישע רעכטע, איז ניט אונזער עסק. זאל זיך דערמיט די יק"א אדער די אליאנס פארנעמען. מיר זענען ניט קיין

צדקה חברה, נאר א פאליטישע בעוועגונג, חאטש מיר האבען מעהר נוצען געבראכט ווי אלע צדקה חברות צוזאמען. אהן זיכערע יודישע רעכט ווילען מיר קיין לאנד נישט אננעמען; אונז גליסט זיך ניט איבערשפיעלען די אלע קאמעדיעס דורך א נייע דעקאראציע.

הערט איין אנדערע דעפעשע, פון לארד דעלאמיר: „מען איז דא שטארק געגען אריינפיהרען פרעמדע יודען. די באהן־נעגענד האט 260 מייל, וואס פאסט פאר ענגלישע קאלאניזאציאן. דאס מיניסטעריום דעם אויסערן וויל אוועקגעבען די בעסטע 200 מייל צו נישט געבעטענע פרעמדע". נישט געבעטענע פרעמדע! ניין, מיין ליבער לארד דעלאמיר; מיר געהען אהין אלס איין ארבייטענדע בעפעלקערונג. מיר האבען געהאלפען אויפבויען אויסטראליע און נייזעעלאנד, ועל כלם דרום־אפריקא. מיר האבען אפילו, נאך סער העררי דזשאנסטאנ'ס רייד, געהאלפען אויך מזרח־אפריקא. און דאס איז אונזער שכר? לארד דעלאמיר שלאגט אויף די געפיהלען פון די שטייער־צאהלער. אבער דערווייל קאסטען די ענגלישע שטייער־צאהלער 119,000 פונד יעהרליך פאר דער זכיה צו האבען א פוסטע לאנד. ווען עס וועט אבער בעזעצט ווערען דורך יודען, וועט זיך דאס לאנד אליין פארוואלטען און פארקלייגערן דערמיט די לאסט פון דעם ענגלישען שטייער־צאהלער. עס שטעהט בפירוש אין דעם בריף, אז די קאסטען וועלען יודען אליין מוזען דעקען און ניט די רעגירונג. לארד הינדליפ אליין גיט צו, אז נישט קוקענדיג אויף דעם וואס דער קאמישענער זוכט פאסענדע עמיגראנטען, ליגט דערווייל דער גאנצער האנדעל פון דעם לאנד אין די הענד פון אינדיאנער און דייטשען. עס איז א פאקט, אז אויף דעם גאנצען מזרח־אפריקא פראטעקטאראט, 80,000 קוואדראטנע מייל, איז ניטא קיין 500 ווייסע אפילו אז מען זאל שוין צורעכענען דערצו די אייראזיאנער, לארד דעלאמיר וועט ניט גרינג זיין צונויף קלייבען א פראטעסט־פערזאמלונג. א חוץ ביים קאלאניאלען מיניסטעריום עג־זיסטירט נאך אפילו קיין קארטע ניט פון דעם לאנד, וואס מען וויל אונז געבען, און די הונט בילען שוין. — הער וואלף פארגלייכט אונזער פלאן מיט דער קאלאניע, וואס ד"ר הערצקא, אויך פון וויען, האט דארט געגרינדעט, און זאגט נביאות, אז אונזער קאלאניע וועט אויך פאלען. אבער ווי אזוי קאן מען גאר פארגלייכען א קליינינקע פאנטאסטישע קאלאניע, וואס איז געווען געגרינדעט אויף א ראמאן, מיט א קאלאניע אזוי ווי מיר ווילען, וואס בערוהט אויף א ווירקליכע היסטארישע טראדיציע. די הערצקא־קאלאניע האט געפרובט צו פארווירקליכען די אידעען פון דעם דייטשען ראמאן „פרייילאנד", וואס איז ניט מעהר ווי א חלום און די פערזאנען, וואס האבען זיך איהם אנגעשלאסען, האבען קיין שום זאך ניט געהאט מיט איהם נאך דאס וואס זיי האבען געלייענט דעם חלום. ווי אזוי קאן מען דאס פארגלייכען מיט א קאלאניזאציאנספלאן, וואס איז געגרינדעט אויף בלוט־געמיינשאפט, וואס האט א רעעלע בעפעלקערונג, וואס ווערד געטריבען דורך פאליטישע און עקאנאמישע נאטווענדיגקייטען, א פלאן וואס זיין ארגאניזאציע וועט שטעהן אויף געזונטע האנדעלס־יסודות און וועט פארשטארקען די ברידערשאפט פון ישראל. בלוט איז געדיכטער פאר די טינט פון א ראמאן־שרייבער. הער וואלף וועקט אבער מיט א כיוון די טויטע אויף פון זייערע קברים, כדי עס זאל שוין אומעטום הייסען, אז אונזער פלאן וועט דורכפאלען, ווי מיר זעהען שוין אין די רייד פון סער העררי דזשאנסטאן און עטליכע צייטונגען. די זאך איז גענוג שווער אהן דעם. — ארנאלד ווייט זאגט נביאות אויף דעם פאל פון אונזער קאלאניע, ווייל מיר האבען קיין מארק ניט פאר אונזערע פראדוקטען. איך פרייה מיך זעהר, וואס מען מאכט אונז אויפמערקזאם אויף יעדע שוועריגקייט אין אונזער פלאן. מיר טארען נישט איבערחזר'ן די פעהלער פון בארא הירש. אבער איידער די קאמיסיע וועט ניט האבען געשיקט איהר ראפארט און אנגעוויזען די מיטלען מנצח צו זיין אט די אלע שוועריגקייטען, וועלען מיר דאך גאר קיין פראבע ניט מאכען, אפילו פאר'ן קאנגרעס ניט פארלעגען. קאלאניען זענען אייגענטליך שווער נאר אים אנהייב. די גרויסע וועניציאנישע מלוכה האט אנגעהויבען מיט עטליכע פליטים אין א בלאטע. דער עיקר איז נאר א גוטער סארט פון קאלאניסטען. אויב מיר קריגען אזעלכע פאר מזרח־אפריקא פאר דעם אנהייב, וועט שוין דאס איבריגע אליין קומען. קאלאניען קאן מען ניט מאכען; זיי וואקסען ווי בוימער פון קליינע קערנדלעך. דיזען פשוט'ן אמת האט אבער די יק"א קיינמאל ניט פארשטאנען. איצט קומט די צייט פאר דער יק"א נוצליך צו זיין. זי פלעגט שטענדיג זאגען, אז אויב זי קאן ניט בעווייזען גוטע קאלאניעס, אזוי האט זי דאך ווייניגסטענס געגרינדעט גוטע שולען פאר קאלאניסטען. דאס דערמאנט מיר די בעקאנטע פרוי ברוין, וואס האט געקויפט איין אלטע טיר־שילד מיט דעם נאמען זימזאן פאר א בילינגען פרייז און אז מען האט איהר געפרעגט פאר וואס זי גיט אויס געלד אויף דערויף, האט זי געענטפערט, אז עס קאן זיין אז הער ברוין וועט שטארבען און זי וועט חתונה האבען מיט א הערן זימזאן, וועט איהר די טאבליצע צונוץ קומען. איך וועל איצט ניט מעהר פארלאנגען פון דער יק"א געלד, נאר מענשען, זאל זי דאס געלד האלטען פאר זיך און זאל זי אונז ליבער געבען איהרע גוט ערצויגענע ארבייטער, אז דיעזע בענעמונגען צווישען שולע און קאלאניזאציאן וועט געארדנעט ווערען, וועט די קריטיק אויף די יק"א אויפהערען און עס וועט נאר זיין שלום און גליק ביי יודען.

מיט דער הילף פון גאנצען יודענטום, מיט א מאדערנעם יודישען גאווערנער ווי סער מעטיו נתן, וואס טוט איצט אזוי פיעל גוטס פאר ענגלאנד אויף דער אנדערען קיסטע פון אפריקא, וועלען מיר קענען שאפען א קאלאניע וואס וועט זיין א קוועלע פון שטארקייט פאר ישראל, אפילו אז מיר וועלען שוין אנהייבען ווידער בעזעצען פאלעסטינא, און א גלענצענדער דימענט אין דער ענגלישער קרוין. פיעל האבען מורא, אז דער נייער פלאן וועט צערשטרייען די קרעפטען פון ציוניזם; דאס איז אבער ניט אמת, דען מיר געווינען דורך איהם נאר די נישט־ציוניסטען, בשעת די אלטע ציוניסטען וועלען איהרע ארבייט פאר ארץ־ישראל פארטזעצען. אבער אויך די אלטע ציוניסטען מוזען פארשטעהן, אז ארץ־ישראל איז צו קליין פאר'ן גאנצען יודישען פאלק, און אז עס איז גוט, ווען מיר האבען 2 צענטרעס פאר די יודישע קראפט. ווען מען בעדענקט ווי שנעל דרום־אפריקא איז אויפגעוואקסען, איז מעגליך צו ערווארטען. אז איין דור וועט שוין פארענדערען מזרח־אפריקא און די ציוניסטישע ענערגיע, האבענדיג געלעזט די פראגע פון א מקום מקלט פאר די אונטערדריקטע ברידער, וועט זי ווידער פריי זיין זיך צו קאנצענטרירען אויף ארץ ישראל. און ניט אליין פריי, נאר אויך געוואלטיג גע־

שטארקט דורך די קאלאניע, וואס זיי האבען געגרינדעט און די פראקטיק, וואס זיי האבען דערוואייל געמאכט. מען זאגט, אבער אז די שאפונג פון א צענטער אין מזרח-אפריקא איז נעגען דעם באזעלער פראגראם. דאס איז ניט אמת. אבער אפילו אז יא, איז אויך גאר ניט. איך בין איין אנהענגער פון דעם באזעלער פראגראם ניט ווייל עס איז דער באזעלער פראגראם, נאר ווייל עס איז דער בעסטער פראגראם. וואס שטעהט אבער אין דעם פראגראם? איהר קאנט עס לעזען אויף דעם שער-בלאט פון דער „וועלט" דעם ציוניסטישען ארגאן. דארט שטעהט, אז דער ציוניזם איז די שאפונג פון איין עפענטליך-רעכטליך געזיכערטע היים אין פאלעסטינא? ניין. דער ציוניזם איז דאס שטרעבען צו שאפען עס. זאל עמיצער מיר זאגען, אז אונזער נייער פלאן איז ניט קיין שטרעבען צו דיעזעם פלאן! זאל עמיצער זאגען, אז די שאפונג פון איין עפענטליך-רעכטליך געזיכערטע היים פאר דאס יודישע פאלק אפילו אין איין אנדער ארט איז ניט די העלפט וועג צו דערגרייכען פון דעם באזעלער פראגראם! באמת האבען מיר שוין איצט געזעהן, אז דער פלאן האט אונז נעהנטער געבראכט צו ארץ-ישראל, ווי איך האב געזאגט אין דעם אנהויב פון מיין רעדע. אלע בלעטער, ווי סער הערי דזאנסטאן און ארנאלד ווייט, וואס זענען געקומען שעלטען דאס יודישע מזרח-אפריקא, זענען געבליבען צו בענשען ארץ-ישראל און צו ווייזען דער וועלט, אז דער בעסטער מיטעל צו לעזען די יודען-פראגע און די פראגע פון פאלעסטינא איז צו אבגעבען עס אונז צוריק. אין אונזער אייגענעם לאגער האט מזרח-אפריקא אויך שטארקער אנגעשפארנט די ארבייט אין פאלעסטינא גופא. — דאס לעצטע בילד וואס עס איז ביי מיר געבליבען פון קאנגרעס איז דער שלום, וואס דער שבת האט געבראכט אויף דעם שטירמישען עולם און 2 שיינע קליינע מיידלעך, וואס האבען געזונגען העברייאישע ליעדער צו דער בעגייסטערטער פארזאמלונג.

זאנגוויל מאכט איינינע קאמפלימענטען צו די ענגלישע ציוניסטען און זייערע פיהרער און לעגט פאר דעם דאזיגען בעשלוס: דיעזער מאסענמיטינג פון לאנדאנער יודען האט דאס פארגניגען צו אויסדריקען דער ענגלישער רעגירונג זייער דאנק פאר דעם גראס-הערציגען אנביטען וואס זי האט געמאכט צו די ציוניסטען. דער בעשלוס ווערד איינשטימיג אנגענומען.

איבערזעצט פון י. מ. הלוי זאלקינד.

---

# ציון און מזרח-אפריקא.

אין דעם וויענער בלאט „נייצייט" שרייבט פרוי ראזא פיינגבוים איבער דעם 6-טען קאנגרעס און איבער די פראגע פון מזרח-אפריקא:

א גאנצע וואך האב איך אין באזעל פארבראכט און קאן פונדעסטוועגען נישט מעהר ווי די איינע גאס, וואס פיהרט פון מיין האטעל, וואו איך בין געשטאנען, ביז די קאזינא, וואו דער קאנגרעס איז געוועזען. כמעט דעם גאנצען טאג בין איך געוועזען אין קאנגרעס זאל ביי די זיצונגען, סיי אויף די זיצונגען פון קאנגרעס גופא סיי אויף די זיצונגען, וואס זענען געוועזען ביי די פארשידענע פארטייען נאך יעדע קאנגרעס-זיצונג. אין די דאזיגע פארטיי-זיצונגען האט מען געוואהנליך בעהאנדעלט און קריטיקירט אלץ וואס עס איז פארגעקומען אויף די קאנגרעס-זיצונגען. די שטאדט באזעל, וועלכע האט פאר מיר תמיד געהאט א גרויסען אינטערעס, אין וועלכע איך האב שטענדיג געוואלט זעהן אלע איהרע היסטארישע מערקווירדיגקייטען האט פאר מיר פארלוירען איהר גאנצען אינטערעס, דען אלע מיינע געדאנקען זענען נאר מיט דעם קאנגרעס פארנומען געוועזען, און בשעת איך בין פרייטאג דעם לעצטען טאג פון קאנגרעס ארויסגעפאהרען פון באזעל האב איך געמאכט א ברכה „שהחיינו".

די דעלעגירטע, וואס זענען געוועזען אויף די פריהערדיגע 5 קאנגרעסען קענען זיך מיט דעם 6-טען קאנגרעס נישט פארגלייכען. דען ער איז געוועזען לעבעדיגער און וויכטיגער פאר די 5 פריהערינע. עס פארשטעהט זיך וואס פאר א גוואלדיגען איינדרוק עס האט געמאכט אויף מיר, וואס איך בין דאס ערשטע מאל אויף א ציוניסטישען קאנגרעס. דאס וויכטיגסטע, וואס עס איז אויף דעם 6-טען קאנגרעס פארגעקומען, איז געוויס דער פראיעקט וועגען בעזעצען יודען אין מזרח-אפריקא. דער דאזיגער פראיעקט האט ווי א דונער געטראפען אויף דאס רוב פון די דעלעגירטע, עס האט זיי אזוי איבערראשט, אז זיי האבען זיך קיין ארט נישט געפונען און האבען נישט געוואוסט וואס זיי זאלען אנהויבען צו טון. פון דעם ליארם און טומעל, וואס דער פראיעקט האט ארויסגערופען, האט מען באלד געקענט זעהן, אז דאס רוב דעלעגירטע וועלען זיין געגען דעם פראיעקט. נאר איך האב עס באלד בעטראכט אלס ישועה פאר אונזער געיאגט און געמאטערט פאלק. מיר פרויען, וואס מיר טראכטען מעהר מיט דעם הארצען ווי מיט'ן קאפ קענען קיין אנדער מיינונג וועגען דעם דאזיגען פראיעקט נישט האבען. גישט מיר, די 600 דעלעגירטע, וואס זענען געוועזען אויפ'ן קאנגרעס, קענען וועגען דעם פראיעקט זאגען א מיינונג. דערויף דארפען זאגען א מיינונג די הונדערט-טויזענטער יודען, וואס ווערען געיאגט און געטריבען פון זייער היים, וואס זייערע אורעלטערן האבען הונדערטער יאהרען געלעבט, דא דארפען רעדען די טויזענטער יודען, וואס לויפען ארום פון איין ארט צו אנדערען. אט אלע די הונדערט-טויזענטע אומגליקליכע יודען, וואס וואנדערען ווינטער אין די גרעסטע קעלטען און זומער אין די גרעסטע היצען אלס בעטלער פון איין ארט צום אנדערען, אט די הונדערט-טויזענטער, וואס מוזען פארלאזען רומעניע און נאך אנדערע ערטער און אמעריקא נעמט זיי נישט אריין, זיי זאלען זאגען זייער מיינונג וועגען דעם מזרח-אפריקא-פראיעקט. זאל מען אט די אלע אומגליקליכע גערודפ'טע יודען צוזאמענגעמען און פרעגען: ווילט איהר נאך ווייטער ארומבלאנדזען ווי דער אייביגער יוד מיט'ן וואנדער-שטאק, וואנדערען ביז אייערע כחות וועלען אויסגעהן, אדער ווילט איהר זיך בעזעצען אין א שיין לאנד, וואס וויל אייך פריינדליך אויפנעמען, אין א לאנד, וואו איהר וועט שטעהן אונטער דעם שוץ פון דער מעכטיגער ענגלישער רעגירונג און אונטער די הערשאפט פון אייערע אייגענע ברידער, בקיצור אין איין אייגען לאנד מיט אייגענע רעכטע, וואו איהר וועט קענען ווייטער פאר דעם ציוניסטישען רעיון ארבייטען; ווילט איהר געהן אין אזא לאנד, וואס איז נאר מזרח-אפריקא און נישט ציון? וואס וועלען אייך אט די דאזיגע אומגליקליכע ענטפערען? עס איז שוין צייט מען

זאל זיך פארנטמען ניט נאר מיט רעדען אליין. עס איז שוין צייט עפּיס צו טון, אז דער ארימער יוד זאל שוין קענען אנידער לעגען רוהיג דעם קאפּ, זאל עס אפילו דערווייל זיין נאר מזרח־אפריקא. הונדערט־טויזענדע וועלען לויבען דעם טאג, וואס האט זיי אזא גרוים גליק געבראכט. דאס איינגעשפּארטע פעסטהאלטען אן דעם נאציאנאלען געדאנק בשעת מען זעהט די שרעקליכע לאגע פון די יודען אין אלע לענדער, איז באמת נישט צו פארשטעהן. לאמיר אונז איילען וואס פריהער צו גרינדען אונזער נייע היים, ווער ווייסט, אויב עס וועלען נישט באלד א סך פון אונז, א סך פון די „ניין זאגערס" זוכען אזא לאנד. קיינער ווייסט נישט וואס דער מארגען קאן איהם ברענגען. ווער עס זיצט היינט רוהיג אין זיין גארטען קאן מארגען זוכען א שטיין אין דער מדבר וואו א קאפּ אנידער צו לעגען. ביי היינטיגע צייט, וואו די וועלט האט אנגענומען דעם כלל, אז ווער עס האט מעהר כח דער בעהערשט די וועלט, היינט, אז עס גילט נאר דאס „פויסטען־רעכט", איז אויף קיין רחמנות איבער אונז נישט וואס צו האפען. עס לעגט זיך מיר גאר נישט אויפ'ן שכל, ווי קענען דאס די דעלעגירטע, וואס האבען אליין דעם אומגליק מיט די אויגען געזעהן שטימען געגען מזרח־אפריקא, און ווי עס האט זיך ארויסגעוויזען זענען כמעט אלע „ניין־זאגערס" פון די דאזיגע דעלעגירטע געוועזען. און נאכדעם אפילו, אז דער פּראיעקט איז מיט רוב דעות אנגענומען געווארען, האבען זיי פארלאזט דעם זאל און האבען געוויינט און געקלאגט, א סך פרויען זענען געפאלען חלשות. מען האט א יונגע פרוי, א דעלעגאטין געפרעגט ווי קאן זי זיין געגען דעם מזרח־אפריקא־פּראיעקט בשעת די לאגע פון די יודען איז אזוי שרעקליך, האט זי געענטפערט: „איהר זייט ברויט־ציוניסטען, מיר ווילען אונזער ציון־שטאט און אז מען האט איהר דערמאהנט די יודישע אומגליקען האט זי געענטפערט: „איך וועל איבער טויטע קערפּער קיין ארץ־ישראל געהן".

לאמיר האפען דאס די צייט וועט אונז פון דעם פאנאטיזמוס אין גאנצען בעפרייען.

אז עס איז געקומען דער מאמענט, ווען מען האט געדארפט שטימען וועגען דעם מזרח־אפריקא־פּראיעקט, האט מען בעמערקט א שטארקע אונרוהע צווישען די געגנער, צווישען וועלכע עס זענען אויך א סך פרוי'ען געוועזען. די „ניין־זאגערס" האבען זיך בענוצט מיט אלערליי מיטעל דעם פּראיעקט אבצושטויסען, זיי האבען זיך אפילו בעמיהט איינצורעדען, אז ד"ר הערצל אליין איז געגען דעם פּראיעקט און ער וויל אויך, אז מען זאל עס נישט אננעמען, נאר באלד ווי ד"ר הערצל האט אנגעהויבען זיין רעדע און האט ערקלערט, וואס פאר א גרויסען שאדען עס קאן ברענגען דעם ציוניזם, ווען מען זאל נישט אננעמען דעם פּראיעקט, וואס ענגלאנד לעגט אונז פאר, איז דער עולם געווארען רוהיגער, ערשט דענסטמאל האבען א סך איינגעזעהן ווי וויכטיג דער דאזיגער פּראיעקט איז פאר אונז און האבען געשטימט פאר דעם פּראיעקט.

א סך האבען מיר צו פערדאנקען אונזער קלוגען און געשיקטען אנפיהרער ד"ר הערצל, וואס האט זיך די גאנצע צייט געהאלטען אונפּארטייאיש, ער האט נאר ערקלערט דעם פּראיעקט און איהם בעלייכט מיט איין אמת־ליכט, ער אליין אבער האט זיך געהאלטען אונפּארטייאיש און דערמיט האט ער א סך געווירקט אויף א טייל פון די „ניין־זאגערס", וואס זענען פון יענע ערקלערונגען איבערצייגט געווארען, אז מען טאר דעם פּראיעקט נישט אבשטויסען און האבען זייערע מיינונגען געענדערט. מיר האפען, אז אויך די „ניין־זאגערס" וואס זענען נאך געבליבען ביי זייער ערשטע מיינונג וועלען אויך איינזעהן, אז נאר אחדות קאן אונז ברענגען צו אונזער ציעל און אז דער מאן, וואס האט ביז איצט אונזער אידעאל אזוי גליקליך געפיהרט, דער מאן, וואס איז אונזער פּאליטישער פיהרער פאר די שטארקע רעגירונגען, פארדיענט מיר זאלען זיך אויף איהם פארלאזען, אז ער וועט אונז נאר צום גליק פיהרען. מיט דעם 6־טען קאנגרעס איז אונזער בעוועגונג געקומען צו א גרויסע מדרגה און גאט זאל געבען, אז אונזער פיהרער זאל עס געראטען ווי אונזער אמאליגען פיהרער משה רבנו, וואס האט 40 יאהר געפיהרט דאס יודישע פאלק אין דער מדבר, צו פיהרען דאס אייגענע פאלק דורך מזרח־אפריקא קיין ציון.

---

# פּאליטישע נייעס.

— לויט דעם בעפעהל פון דעם עסטרייכישען און דעם רוסישען קייזער האבען זייערע מיניסטארען דעם אייסערן גאלאחאווסקי און לאמסדארף געשיקט צו זייערע געזאנדטע אין קאנסטאנטינאפּעל די דאזיגע טעלעגראמע:

די לעצטע צייט האט מען איך, בעפאלמעכטיגט מודיע צו זיין, אז די עסטרייכישע און רוסישע רעגירונגען ארבייטען ווייטער איינצושטילען די אונרוהען, און געדען גענוי אין דעם וועג, וועלכען זיי האבען זיך פארגעשריבען אין דער פּראגראמע פון אנפאנגס־יאהר נישט קוקענדיג אויף די הינדערנים, וועלכע שטעהט אין וועג און לאזען נישט די פּראגראמע איינפיהרען. פון איין זייט שטערען עס די רעוואלוציאנערע בולגארישע קאמיטעס, דערמיט וואס זיי מאכען אונרוהען און לאזען נישט די קריסטליכע איינוואהנער פון מאקעדאניע העלפען איינצופיהרען די רעפארמען, און פון דיער צווייטער זייט האבען די בעאמטע פון דער טערקישער רעגירונג, וועמען טען האט איבערגעגעבען איינצופיהרען די רעפארמען, נישט געוויזען די נייטיגע געשיקטקייט און האבען נישט פארשטאנען דעם ריכטיגען צוועק פון די דאזיגע רעפארמען, וועלכע זענען אנגענומען געווארען דורך די טערקישע רעגירונג און וואס האבען דעם צוועק צו זיכערן דעם שלום פון פאלק. נישט קוקענדיג אויף דאס אלעם זענען ביידע רעגירונגען מסכים צווישען זיך וועגען די מיטלען ווי אויסצופיהרען השגחה אין לאנד. עקסטרא בעפעהלען וועגען דעם וועט איהר בעקומען אין א קורצע צייט. און חאטש די ביידע רעגירונגען זענען מסכים, מען זאל די טערקישע רעגירונג איבערגעבען איינצושטילען די אונרוהען פון די מערדערישע אגיטאציע פון די קאמיטע'ס, קאנען זיי דאך נישט שטילשווייגען און צוזעהען, אז צוזאמען מיט דעם איינשטילען די אונרוהען טרעפען זיך שרעקליכע אכזריות'דיגע רציחות, פון וועלכע דאס רוהיגע פאלק ליידט זעהר. בעטראכטענדיג דאס אלעם געפינען ביידע רעגירונגען פאר נייטיג, צו קומען באלד צו הילף דעם אומגליקליכען פאלק, וואס ליידט פון די דאזיגע רציחות. די עקסטרע

בעפעהלען, וועלכע זענען אויבען דערמאנט, וועלען אייך ווייזען די מיטלען, ווי אזוי צו העלפען די דאזיגע עלענדע מענשען, זיי צו פארגרינגערן צו קומען צוריק אין זייערע וואהנונגען, צוריק אויפצובויען זייערע חרוב געמאכטע דערפער, די קירכען און די שולען. די רוסישע און עסטרייכישע רעגירונגען האבען די בעסטע האפנונגען, אז זייערע בעשטענדיגע ארבייט וועט ברענגען צום ציעל, אוועקצושטעלען צוריק די ארדנונג אין די ערטער, וואס האבען געליטען פון די אונרוהען. און זענען זיכער, אז זייערע אמת'ע עצות, וועלכע זענען ריין פון אלע פניות, וועלען אנגענומען ווערען פון אלע וועלכע זענען פאראינטערעסירט אין דעם.

— אויף דעם מאנומענט פון קאשוט (איין אונגארישער אגיטאטאר. וואס האט פיעל געווירקט פאר די פאליטישע פרייהייט אין אונגארן) האט מען געפונען א בלומען־קראנץ, אויף וועלכען עס איז געוועזען אויפגעשריבען „די פארהאלטענע סאלדאטען — צו דיין הייליגען אנדענקען". דער קאמענדאנט האט געהייסען דעם קראנץ אראבנעמען. דער אונגארישער עולם האט עס אבער צוריק ארויפגעלעגט. זיי האבען אויך געווארפען שטיינער און צעבראכען פענסטער אין די קאזארמעס און אין די פריוואט־וואהנונגען פון די אפיצערען און די סאלדאטען זענען געצוואונגען געוועזען צו שיסען, ביי וועלכע עס זענען פארוואונדעט געווארען 5 מענשען.

— דאס בולגארישע מיניסטער־בלאט „דנעווניק" שרייבט, אז די טערקישע און בולגארישע רעגירונגען זענען ביידע מסכים, מען זאל אוועקלעגען דאס געוועהר. בולגאריע וועט אהיים שיקען 20,000 סאלדאטען און טערקיי 40,000 סאלדאטען. אויך וועט טערקיי ארויסגעבען א בעפעהל, מען זאל אויפהערען צו רודפ'ן די מורדים און זי וועט איינפיהרען די רעפארמען. דערווייל אבער הערען פונדעסטוועגען נישט אויף די קליינע מלחמות צווישען די טערקישע סאלדאטען און די בונטאוושטשיקעס. די דערפער גאבראווא און צארעווא זענען אפגעברענט.

## נייעס פון דער וואך.

### I. וועלט נייעס.

— מאנטאג דעם 22 סענטיאבער איז אין אדעסא געוועזען א שרעקליכער שטורם־ווינד. דער שטורם האט אנגעטראגען זאמד, וואס האט כמעט פארשאטען די גאנצע שטאדט. אדעסא האט אין די פאר טעג נישט אויסגעוויזען ווי א שטאדט, נאר ווי איין אמתער מדבר סאהארא. דער זאמד האט פארשאטען גאנצע גאסען, הויפען און אפילו אין די שטיבער אריינגעקומען. עס האט נישט געהאלפען דאס וואסער שפריצען אויף די גאסען. דער זאמד איז בעפאלען אויף די מענשען, וואס זענען געגאנגען אויף דער גאס, ער האט זיך געלאזט אויף די קליידער, איז אריין אין נאז, אין מויל און אין די לונגען. 2 דער זייגער איז דער שטורם שטארקער געווארען. אין דער אייגענער צייט האט זיך געוויזען א מורא'דיגער שטויב־וואלקען, וועלכער איז וואס נעהנטער אלץ שווארצער, אלץ שרעקליכער געווארען. אין א משך פון 8 מינוטען איז דער וואלקען אנגעפלויגען אויפ'ן שטאדט, באלד איז געווארען שטאק פינסטער. אין פיעל הייזער האט זיך געוויזען ליכט, לאמפען און עלעקטרישע בעלייכטונג, און אין איין מינוט איז דאס אדעסער לעבען ווי אויסגעשטארבען. גראד אין דער צייט זענען די קינדער געגאנגען פון די שולען, דער זאמד האט זיי אויפ'ן וועג געטראפען און זיי זענען ווי פארשטיינערט געבליבען אויפ'ן ארט, זייערע געשרייען און געוויינען האט צעריסען דאס הארץ. ווי די פארבלאנדזשעטע שעפסלעך האבען זיי זיך איינס צום אנדערן צוגעטולעט. טייל האבען זיך פאר די הענטלעך אנגענומען, אין א סך ערטער האט זיך געהערט יאמערליכע געשרייען. די פינסטערניש האט געדויערט איין ערך פון 3 מינוטען, דערנאך איז געווארען אמין נעלע בלאטיגע ליכטיגקייט. שפעטער איז נאך ליכטיגער געווארען, אבער דער זאמד האט אויפגעהערט. ערשט פון אבענד איז אין גאנצען רוהיג געווארען.

* אין צפון אונגארן ביי עטשעד האט צוויי וואכען דורך אנאנדער געברענט די ערד אויף א שטרעקע פון עטליכע מייל ווייט. דארט איז אזומפיגע ערד (טארף), וואס קאן ברענען אזוי ווי קוילען, דאס פייער האט זיך אנגעצינדען אייף איין ארט און דער שטורמווינט האט דאס צעטראגען אויף מיילען ווייט אין די גאנצע געגענד איז צוויי וואכען געווען א ים פון פלאמען, פיעל דערפער, הייזער, תבואה, מענשען, בהמות און מיליאנען חיות און פייגעל זענען פארברענט געווארען. עס איז נישט מעגליך געווען צו לעשען, ערשט א גרויסער רעגען האט דעם ים פייער פארלאשען.

— די פריינד פון דעם פארשטארבענעם פראנצויזישען שריפטשטעלער זאלא האבען בעשלאסען צו פייערען יעדעס יאהר דעם יאהרצייט פון דעם שריפטשטעלער. דעם טאג פון יאהרצייט האבען זיך היינטיגעס יאהר פיעל פריינד פון דעם פארשטארבענעם פארזאמעלט אויף זיין קבר און דארטען געמאכט איהם אוואציעס. מען האט זיין קבר פארווארפען מיט בלומען און דער געשריי כבוד צו זאלא האט געהילכט ווייט און ברייט ארום.

— אויף דער אספה, וואס די רוסישע רעגירונג האט צוזאמענגערופען אין חאבאראווסק ביים טייך אמור, האט מען פארהאנדעלט וועגען די חינעזער, וואס קומען אן אין זעהר א גרויסען צאהל קיין רוסלאנד. דאס רוב קומען זיי אין סיביר און א קליינע צאהל קומט אויך אין פעטערסבורג צו זוכען ארבייט. טייל האבען געזאגט, אז מען דארף פארווערען די חינעזער אריינצוקומען אין רוסלאנד און אנדערע האבען געזאגט, אז די חינעזער וועט דער ווייטער מזרח פון רוסלאנד נישט קענען האלטען.

— דאס רוסישע בלאט „טער. יויעד". שרייבט, אז דעם 1 סענטיאבער האט מען געפונען אין דעם גאסט־הויז פון איוואן באבקאוו אין וולאדיקאווקאז א גאנץ קלייט מיט ביקסען, פיסטאלען און קוילען, די סליעדסטווא האט דערוויזען, אז מיט דעם ביקסען־האנדעל האט זיך פארנומען א געוויסער דניאל מיאליעוו, וואס האט זיי פארקויפט צו די איינוואהנער פון דער שטאדט וולאדיקאווקאז.

### II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** דער זיטאמירער עפיסקאפ אנטאניא איז נישט לאנג געוועזען אין דער שטאדט קאוועל (וואל. גוב.). די יודישע געמיינדע האט צו איהם ארויסגעשיקט א דעפוטאציע, וועלכע האט איהם בעגעגענט מיט ברויט און זאלץ און אין זיין דאנק־רעדע האט דער עפיסקאפ געזאגט, אז ער שעצט זעהר די יודישע תורה און אכטעט די יודען, וואס לערנען אין איהר און היטען אפ איהרע דינים, וואס לערנען די העברייאישע שפראך און פארנעמען זיך נישט מיט קיין פאליטישע אינטערעסען.

— דעם ערשטען טאג ראש השנה זענען אין סלאנים (גראד. גוב.) צעהן יודען ארויסגעגאנגען פון א בית המדרש און געגאנגען אין א הויז דערביי, איינער פון זיי האט געטראגען א ספר תורה איינגעוויקעלט אין א טלית. דאס האט בעמערקט א קריסטליכע דיענסט און איהר האט זיך געדאכט, אז דאס טראגען יודען א קריסטליך

קינד און ווילען איהם שעכטען. א דערשראקענע איז זי צוגעגאנגען צום פענסטער און זיך איינגעקוקט, וואס מען טוט דארטען, און האט זיך נאך מעהר דערשראקען, אז זי האט געזעהן, ווי עס שטעהען פיער יודען מיט איינגעבויגענע קעפ ארום א טיש און איינער פון זיי פיהרט מיט דער האנט אהין און אהער. זי איז באלד גלאפען צו איהר בעל־הבית׳טע, א קריסטין, און האט איהר דערציילט אלץ וואס זי האט געזעהן. די בעל־הבית׳טע איז א דערשראקענע אריינגלאפען צום מאן אין צימער און האט עס איהם דערציילט. דער מאן אבער האט זיך אויסגעלאכט און געזאגט, אז ערשטענס דארפען, ווי מען זאגט, די יודען קריסטליך בלוט נאר צו פסח און נישט צו ראש השנה, און צווייטענס האבען שוין די געלעהרנטע דערוויזען, אז דאס איז אין גאנצען איין אויסגעטראכטער בלבול, און כדי איהר צו דערוויזען דעם אמת איז ער געגאנגען זיך דערקונדיגען, וואס די יודען האבען דארטען געטאן, און ער האט זיך דערוואוסט, אז דאס זענען א מנין יודען צוזאמענגעקומען לייענען אין א ספר תורה און דער וואס האט געפיהרט מיט דער האנט האט דאס געטייטעלט און אנגעוויזען וואו מען דארף לייענען. דער קלוגער קריסט איז דערנאך געקומען אהיים און האט געשטראפט מיט רייד דאס ווייב און דער דיענסט פאר וואס זיי גלויבען אזוינע נארישע, אויסגעטראכטע בלבולים.

— די רעדאקציע „הצפירה" האט בעקומען טעלעגראפיש איין אנווייזונג אויף 1000 רובל פון ה׳ שרהזאהן, דער רעדאקטער פון דער צייטונג „יודישע גאזעטען" אין ניו־יארק, פאר דער „חברה צו שטיצען יודישע ארימעלייט אין האמעל". די אדרעסע פון דער דאזיגער חברה איז:

„Гомельское еврейское общество пособія бѣднымъ" г. Гомелъ (Могил. губ.)

— אין טאמסקער אוניווערזיטעט האט מען צוגענומען לויט די בקשה פון דעם דירעקטאר 5 יודישע שילער מעהר ווי די ערלויבטע צאהל אין דעם מעדעצינישען פאקולטעט, 2 אין יורידיצישען פאקולטעט און 2 שילער האט מען ערלויבט צו הערען פארמאצעט לעקציעס.

— מחמת דעם, וואס אין ווארשא פארמאכען זיך מעהרערע חסידישע חדרים, האט דער אינספעקטאר איבער די ווארשאווער שולען דערלאנגט א בקשה, מען זאל ערלויבען צו עפענען אין ווארשא, פון יאהר 1904, פאר די ווארשאווער יודען, 7 אנפאנגס־שולען פון איין קלאס פאר יונגלעך און 3 פאר מיידלעך און צו דעם צוועק זאל מען נעמען פון דער שטעדטישער קאסע 11,710 רובל. אין גאנצען געפינט זיך היינט אין ווארשא צוזאמען מיט פראגא 15 שולען פון צוויי קלאסען און 134 שולען פון איין קלאס, וועלכע ווערען אויסגעהאלטען אויף די שטעדטישע הוצאות, בשעת ווען פאר די יודישע איינוואהנער, וועלכע מאכען אוי"ם א דריט־חלק פון ווארשא, איז נאר דא אין גאנצען 20 אזוינע שולען.

— פון בערלין שרייבט מען, אז די יודישער הילפס־פעראיין האט געשיקט צו דער יודישער חברה צו שטיצען ארימעלייט אין האמעל 50,000 מארק.

— דער ד״ר א. קאמינקא, דער סעקרעטער פון דער ווינער אליאנץ, האט זיך געווענדט צו דער רעדאקציע „הצפירה" מיט א בריף, מען זאל איהם מודיע זיין דעם צושטאנד פון די יודען אין האמעל און זאגט צו, אז די אליאנץ וועט זיי העלפען ווי וויט עס איז נאר מעגליך.

— דיענסטאג דעם ערשטען טאג סכות, איז אין ווארשא געשטארבען ה׳ מ. ארגעלבראנד, דער הויפטפיהרער פון דער בעקאנטער דרוק י. ארגעלבראנד עט זאהן".

— אין שאוועל איז געשטארבען דער דארטיגער רב ר׳ יוסף זכריה שטערן.

— די קאוונער יודען האבען היינטיגען יום־כפור איבערגעלעבט אין גרויס שרעקען און אנגסטען. עס איז ארויס א קלאנג, אז אים יום־כפור וועט מען בעפאלען די קאוונער יודען און מען וועט מיט זיי מאכען דאס איינענע ווי אין קישינוב און האמעל. די קאוונער יודען זענען שטארק מסופק געווען, אויב צו נעהן יום־כפור אין שוהל אדער נישט, נאר דער שרעק זייערער איז פארביי באלד, ווי נאר עס האט זיך די זאך אויפגעקלערט אין דעם דארטיגען בלאט „קאוו. גוב. וועד." מיט די דאזיגע ווערטער: צווישען די קאוונער יודען איז ארויס א פאלשער קלאנג, אז די יודען פון קאוונא זענען נישט זיכער נישט מיט זייער לעבען נישט מיט זייער פארמעגען. דער דאזיגער קול איז א פאלשער, די היגע פאליציי וועט שטרענג אכטונג געבען, אז עס זאל קיין שום אונרוהען נישט געשעהן און די ארדענונג אין שטאדט זאל נישט געשטערט ווערען, אלע איינוואהנער קאנען זיכער זיין, אז סאי אויף זייער לעבען, סאי אויף זייער פארמעגען שוועבט נישט די קלענסטע סכנה און יעדער קאן זיך רוהיג טון זיינע געוואהנליכע ארבייט.

די דאזיגע קורצע אבער שארפע ווערטער האבען באלד געווירקט און די קאוונער יודען האבען מיט בערוהיגטע הערצער געדאווענט דעם יום־כפור אין זייערע שוהלען ווי אלע יאהר.

— די שטאדט מאהילעוו־פאדאלסק האט זיך היינטיגען יום־כפור שטארק געשראקען, וועגען דעם קלאנג, וואס איז ארויס, אז די דארטיגע פאליציי האט געפונען פאסקעווילען און סטראשענדיגע בריף, אז היינטיגען יום־כפור וועט מען אונטערצינדען די גאנצע שטאדט. דער שרעקליכער קלאנג איז נישט געוועזען אין גאנצען פאלש; ערב יום־כפור דריי דעם זייגער ביינאכט האט מען אין רעכטען מיטען שטאדט דערזעהן א גרויס פייער, און די גאנצע שטאדט האט זיך מיט שרעק אויפגעכאפט פון שלאף הערענדיג די גוואלד גלאקען קלינגען. א סך מיהע האט די פאזשארנע קאמאנדע געקאסט ביז זיי האבען דאס פייער איינגעלאשען און אבגעראטעוועט די שטאדט. מערקווירדיג איז, וואס דאס הויז, וואס איז פארברענט געווארען, איז געמויערט אין גאנצען פון שטיינער, און דאס פייער האט איהר ארומגענומען אין איין מינוט פון אלע זייטען. אין דעם דאזיגען הויז, וואס איז געשטאנען שוין מעהר אלץ 150 יאהר, האבען געוואהנט 40 פאמיליען, וועלכע זענען איצט געבליבען אין גרויס עלענד און ארימקייט.

ביי דער שרפה האט זיך אויסגעצייכענט א יוד שמאי חיט, וועלכער האט פשוט געלעגט דאס לעבען מציל צו זיין די שטאדט פון פייער און האט אבגעראטעוועט די קאטוילישע קירכע, וועלכע געפינט זיך גאנץ נאהנט ביי דעם אבגעברענטען הויז. דער בראנד־מאיאר האט איהם דערפאר זעהר ווארם געדאנקט און וועגען דעם בריה׳שאפט איבערגעגעבען דעם גובערנאטאר.

— דער בוראשצנאסט שרייבט: אין דעם נישט אפיציעלען טייל פון „פראוויטעל. וויעסטניק" איז געדרוקט געוועזען א קארעספאנדענציע פון פינסק, אין וועלכער עס ווערד דערציילט, אז איין עלף־יעהריגער קריסטליך יונגעל יאזעף קיסילעוו, וואס איז 9 דעם זייגער צוריקגעגאנגען פון דער קירכע, איז פארביי געגאנגען פאר א יודישע שוהל און פון דארטען זענען אויף איהם פלוצלינג אנגעפאלען דריי יוד[...] און האבען איהם אזוי לאנג געשלאגען מיט שטעקענס ביז ער איז פא[...]ייעלט געווארען. דערנאך האט מען איהם מיט א מעסער פארוואונדעט או[...]יינגעווארפען ביים ברעג טייך פינ, וואו ארבייטער האבען איהם שפעט[...] געפונען. שפעטער, אז דאס קריסטליך יונגעל איז צו זיך געקומען, האט ער דערציילט, אז די דריי יודען, וועלכער איינער פון זיי הייסט שמואל פאמעראנץ, זענען איהם בעפאלען פלוצלינג און אהן א שום סבה. דער סלעדאוואטעל האט זיך גענומען צו אונטערזוכען די זאך.

וועגען דעם האבען מיר בעקומען די דאזיגע טעלעגראמע פון פינסק.

פינסק, 13 סענטיאבר. היינט האט קאנסטאנטין קיסילעוו טע־

לעגראפיש אבגעלייקענט אין גאנצען די ידיעה, או יודען האבען געהרג'עט זיין ברודער יאזעף קיסילעוו. ער דערווייזט, או עס איז נישט געוועזען קיין איבערפאל, נאר א געקריעג איבער א מעסערל צווישען דעם קריסטליכען יונגל קיסילעוו אונ זיין חבר א יודיש יונגל פאמעראנץ. דאס יודישע יונגל האט איהם מיט ד.ם מעסערל ביים ראנגלען זיך פארוואונדעט, וועד עס האט די אויבענדיגע ידיעה געשיקט אין די רעגירונגצייטונג ווייסט מען ניט.

דייטשלאנד. * דער דייטשער קייזער האט בעגנאדיגט אונ בעפרייט דעם יודישען קצב לעווי אין קאניץ, וואס איז פאר דריטהאלבען יאהר פארמשפט געווארען צו פיער יאהר טורמע פאר א פאלשע שבועה. דעם קצב לעווי האבען אנטיסעמיטען בעשולדיגט, אז ער האט געהרג'עט דעם קריסטליכען סטודענט ווינטער, צו נעמען זיין בלוט צו די מצות, פאר פחד האט ער געשוואוירען, אז ער האט דעם סטודענט נישט געקענט אונ מען האט איהם אויסגעוויזען, אז ער האט איהם יא געקענט, פאר דעם איז ער פארמשפט געווארען אויף פיער יאהר טורמע.

טערקיי. * אין סאלאניקי איז געשטארבען דער יודישער גענעראל ושאק ניסים פאשא, דער אויבער־שטאבס־ארצט פונ'ם דריטען טערקישען קארפס אונ אויבער־אינספעקטאר פאר היגיעניע אין דער איראפייאישער טערקיי. ער איז געשטארבען פון א בלוט־פארגיפטונג. 53 יאהר איז ער קוים אלט געוועזען. ער איז געוועזען דער ערשטער יוד וואס האט ערייכט אזא הויכע מדרגה אין טערקיי.

ארץ ישראל. אוסישקין אונ דרואנאוו זענען צוריק געקומען פון ארץ־ישראל, וואו זיי זענען געוועזען ביי דעם קאנגרעס, וואס איז דארטען געוועזען אין דער איינגענער צייט ווען דער באזעלער קאנגרעס איז געוועזען. אוסישקין האט פארגעלייגט פאר דעם אדעסער קאמיטעט וועגען דעם אלגעמיינעם איינדרוק, וואס די קאלאניעס האבען אויף איהם געמאכט. די לאגע דארטען איז זעהר גוט. הלואי וואלט אונזער לאגע דא אין 20 יאהר שפעטער אזוי זיין. די קאלאניסטען קענען לעבען אהן אשום תמיכה. ווען אפילו דער באראן אונ יק"א זאלען זיך אין גאנצען אבזאגען פון ארץ ישראל וועלען אויך די קאלאניסטען קענען עקסיסטירען. די העברייאישע שפראך לעבט דא־טען אונ מען רעדט אויף איהר גלייך ווי אויף איין אנדער לעבעדיגע שפראך סאי אין די קאלאניעס סאי אין די שטעדט. אוסישקין איז ענטציקט: פון אלץ וואס ער האט געזעהן אונ האפט, אז עס איז מעגליך דאס יודישע פאלק זאל ווידער אויפלעבען אויף זיין לאנד. אוסישקינ'ס פארטראג האט געמאכט א געוואלדיגען רושם אויף די חברים פון קאמיטעט.

אמעריקא. די ניו־יארקער ציוניסטען האבען געמאכט א גאנצען פאלק סאלדאטען פון זייערע מיטגלידער. די צאהל פון די ראזינע סאלדאטען דערגרייכט ביז 2000 אונ זענען אלט פון 18 ביז 25 יאהר. דער ראזינער פאלק האט פארגעלעגט, אז ער וויל דיענען די אמעריקאנישע רעגירונג אונ מען האט זיי אריינגענומען צווישען די גווארדיע.

— אין יאהר 1902 האט די צאהל פון די יודישע איינוואהנער אין ניו־יארק דערגרייכט ביז 684,788.

## III. ציוניסטישע נייעס.

* די „אדעסק. נאוואסטי" שרייבען, אז ביי איין אדיענץ ביים סולטאן האט דער געזאנדטער פון א גרויסע מאכט, וואס האט אונטער זיך דאס ריב יודען, מודיע געווען דעם סולטאן, אז פון זיין רעגירונג וואלט קיין מניעה נישט געווען די יודען אבצוגעבען אין ארץ ישראל יענע זייט ירדן אונ די געגענדען, וואו עס זענען נישט דא קיין הייליגע קריסטליכע ערטער. דער סולטאן איז בעשטאנען אונ דאקטאר הערצל איז גערופען געווארען קיין קאנסטאנטינאפאל.

* דאקטאר הערצל מיט די מיטגלידער פונ'ם קליינעם אקציאנס־קאמיטע אונ אויך די דירעקטארען פון די קאלאניאל־באנק וועלען זיין די טעג אין לאנדאן וועגען וויכטיגע ענינים.

* *
*

עס האט זיך דער הימעל מיט וואלקענס בעצויגען,
שווארץ איז אין דרויסען אונ פינסטער איז דארט...
אונ ווען איך זאל האבען אויך אדלערשע אויגען,
וואס ס'טוט זיך אין גאס — ניט געזעהן וואלט איך פארט! —
נאר ווען איך זאל ווייסען, אז נאך דער פינסטערער וואנד
איז דא ערגעץ ווייט, ווייט א ליכטיגעס לאנד;
אונ ווען אין מיין הארצען א קול זאל איך הערען:
„גיה, מענש, אין דעם פינסטערען דרויסען, אין שטומען,
גיה, מענש, גיה זוך ליכט — וועסט פארלוירען ניט ווערען,
צום ליכטיגען לאנד וועסטו קומען..." —
עס וואלט מיך ניט דאמאלס דער חושך געשרעקט,
איך וואלט אויסגעגאנגען די וועלט ביז'ן עק,
צום ליכטיגען פריהלינגס לאנד וואלט איך געקומען, —
נאר ס'זאגט מיר מיין הארץ: נאר, קיין ארט איז ניטא
וואו ליכט איז אונ פריהלינג — נאר חושך איז דא!
אומזיסט וועסטו זוכען אויף דער ערד אזא ארט —
שווארץ איז אין דרויסען אונ פינסטער איז דארט!

יעקב שטיינבערג.

---

# די צוויי ברידערלעך.

(ערצעהלונג).

יענקעלע אונ בערעלע — צוויי ברידערלעך, דער ערשטער 14 יאהר אלט, דער צווייטער 16 — לערנען שוין באלד דריי חדשים אין דער ישיבה, וואס געפינט זיך אין דער גרויסער שטאדט N, פינף מייל פון זייער געבורטס־שטעדטל דלותאווקע, אונ דערפאר רופט מען זיי אין דער ישיבה די „דלותאווקער".

יענקעלע איז א דארינקער, א בלייכינקער מיט צוויי שווארצע אויגעלעך, וואס קוקען חיטרע ארויס פון אונטער די צוויי שווארצע ברעמען. בערעלע איז העכער אונ פולער פאר יענקעלען, אויגען האט ער העלערע, אונ זיין קוק איז שטרענגער, ווי ער וואלט גערעדט: „טשעפעט מיך ניט, איך לאך זיך אויס פון אייך אלעמען!"

די צוויי ברידערלעך האבען געהאט סטאנציע ביי איין ארימער קרובה, איין אלמנה, א טענדלערין, וואס האט זיך ביז שפעט אין דער נאכט אין שטיבל ניט געפונען. קיין בעט האבען די צוויי ברידערלעך ניט געהאט, דערפאר אבער האט דער קופערט, וואס איז גענוג ברייט געווען, געדיענט זיי פאר א בעט, אונ די צוויי ברידערלעך פלעגען ביידע געשמאק שלאפען אויף איהם, איינדעקענדיג זיך מיט זייערע לאנגע צעריסענע בגדימלעך אונ פלעגען אין חלום זעהן זייער שטעדטעלע, זייער געסל, דאס שטיבעלע אונ דעם טאטען מיט דער לאנגער בארד, מיט די אויסגעלאשענע אויגען, מיט'ן געבויגענעם ריקען אונ פלעגען זעהן די מאמען מיט'ן לאנגען בלייכען אומעטיגען פנים, אונ פלעגען הערען, ווי די קליינע ברידערלעך אונ שוועסטערלעך קריגען זיך, רייסענדיג זיך פאר א שטיקל הערינג... אונ נאך פלעגט זיך זיי חלומ'ען חלומות פון דער היים אונ אין דער פריה פלעגען זיי בענגען, אונ עס פלעגט זיי ציהען, ציהען, אונ דאמאלס פלעגען זיי לויפען אויף דער דלות'אווקער אכסניא פרעגען ביי די בעלי־העגלות א גרוס, צי א בריפל פון דער היים...

און די דלות'אווקער בעלי־עגלות זענען געוועזן גוטע יודען, האבען געהאט ווייכע הערצער און וואלטען אודאי רחמנות געהאט אויף די צוויי ארימע יונגעלעך, וואס גאיען אזוי עפּיס האַרכען פון דער היים, וואס זייערע איינגעלעך ברענען און זייערע הערצעלעך קלאַפּען אזוי שטארק, אזוי שטארק, — זענען אבער די בעלי־העגלות געוועזען שטארק פארשמייעט: קומען פלעגען זיי אהער מיט טויזענטער שליחות פון דלות'אווקער קרעמער און סוחרים, און בריף האבען זיי געהאט מעהר פאר דער פּאסט, און די ארדענונג איז ביי זיי געוועזען א סך וועניגער אלס אין פאסט; בריף פלעגט ביי זיי פארלעגען ווערען, פּאסילקעס פלעגט ביי זיי פארפאלען ווערען, און צעטומעלטע, קראַצענדיג זיך אין די פּאטיליציעס פלעגען זיי יעדערן ענטפערן:

— אט באלד, באלד, באלד געפין איך... ניין... דאכט זיך פאר אייך האב איך גאר נישט...

אזוי פלעגען זיי ענטפערן גרויסע יודען, וואס פלעגען קומען צו זיי. אונזערע ברידערלעך אבער פלעגען שטעהן, שטעהן קוקען מיט די דארשטיגע אויגעלעך, מיט צעקלעמטע הערצעלעך אויף לייזער בעל עגלה — א בעוואקסענער יוד, אין א קורצען, וואטאווען קאפּטאן סיי זומער, סיי ווינטער — און פלעגען ווארטען, טאמער וועט ער זיי בעמערקען און זאגען זיי עפּיס, חאטש א ווארט... נאר לייזער איז געוועזען פארשמייעט: דא האט ער אויס'ן הויף דעם פערד עסען געגעבען, דא פלעגט ער אריינלויפען אינוועניג אין אכסניא, דא פלעגט ער זיך פונאנדער רעדען מיט א פּריקאשציק פון א גרויסען מאגאזין, וואס האט איהם א „רשימה" מיט סחורה געבראַכט, אבצופיהרען עס אין דלות'אווקע פאר א קרעמער. און די ברידערלעך פלעגען אלץ שטעהן... ביז דעם עלטערן ברידערל — בערעלען — פלעגט די געדולד פּלאַצען און א פארביסענער שיער ניט פונאנדער ווייענדיג זיך פאר פארדרוס, פלעגט ער קוים ארויס ריידען:

— איהר האט ר' לייזער א בריפעלע פון טאטען?

נאר לייזער פלעגט אדער פלוצים ניט ווערען, ענטלויפען אין גאס אריין מיט וועמען עס איז, אדער זיין פארטראגען אין שמועס און בערעלע פלעגט זיך קוים דערווארטען אויף עפּיס איין ענטפער, וועלכען לייזער פלעגט, ניט קוקענדיג בערעלען אין פּנים, קאלט ארויסלאזען:

— ניטא... ניטא...

— ניטא! פלעגט בערעלע ארויסקרעכצען און א צעקלעמטער, אוועקרופען יענקעלען, און פלעגען זיך לאזען גהן אויף זייערע טעג, אומעטיגע, דערשלאגענע...

— ער מוז אודאי פארלירען די בריף! — פלעגט יענקעלע נאך דעם אין עטליכע מינוט ארויס אומעטיג ארויס ריידען געהענדיג.

— א שלעכטער יוד! פלעגט בערעלע ברומען פארדריסליך...

נאר איינמאל האט זיי לייזער א בריפעלע איבערגעגעבען, מיט א קליינע פּאסילקע. אין בריפעלע איז געשטאנען:

„ליבע קינדער, זייט מענשען און ווילט לערנען. מיר שיקען אייך דא א האלבען קעז און א פיערטעל פונט צוקער און אין גלעזל א ביסל יאגדעס-סאק, עסט געזונטערהייט און קרינקט זיך ניט.

ממני אביכם חיים העכט"...

דאמאלס איז ביי זיי אין די אויגען לייזער בעל-העגלה געוועזן דער בעסטער מענש אין דער וועלט, זיי וואלטען זיך ניט געשעמט, וואלטען זיי איהם מיט זיין פערד און וואגען פאר ליבשאפט איינגעשלונגען. זיי האבען גלייך אנגעשריבען א בריפל, (פּאַפּיר פלעגען זיי אויסרייסען אין ישיבה די ערשטע גלאטע בלעטער פון די גמרות און זייערע הערצעלעך פלעגט געווענען דאמאלס זיי קלאפּען) און האבען עס אויף דער נאכט ביידע אבגעטראגען לייזער בעל-העגלה. לייזער האט עס קאלט צוגענומען, אריינגערוקט אין בוזעם און עפּיס א־ויס געברומט א ווארט ענהליך צו „גוט".

— וואס האט ער געזאגט, בערל? האט יענקעלע מיט הארץ־קלאפּעניש געפרעגט.

- גוט, דאכט זיך... האט בערל מיט ספיקות געענטפערט:

— מיר האט זיך אויך געדאכט, אז ער האט געזאגט „גוט!" האט יענקעלע זיך אליין בערוהיגט. ער האט א זיפץ געטאן און צוגעגעבען מיט שרעק:

— ער קאן נאך דעם בריף אנווערען!

— ביים בעסער אב די צונג! איז בערעלע אין כעס געווארען. און בעטריבטע האבען זיי זיך געלאזען גהן אויף זייערע טעג...

---

און די צוויי ברידערלעך זענען דריי מאל אין וואך, ווען לייזער בעל-העגלה קומט צו פאהרען אהער, אלע אין דער פריה, ניט געגאנגען, נאר געלאפען אויף דער דלות'אווקער אכסניא, פרעגען איין „ענטפער" אויף זייער בריפעלע, און לייזער דער בעל־העגלה ווערד וואס א מאל אלץ מעהר צעטראגענער, בייזער און ענטפערט זיי, אדער האלבע ווערטער, וואס די צוויי ברידערלעך בענעמען עס ניט און וואלטען וועלען איבער פרעגען, ווען זיי וואלטען קיין מורא ניט געהאט, אדער ער ענטפערט זיי גאר ניט און זיי געהען אוועק מיט צעקלעמטע הערצעלעך.. — איינמאל אבער האבען זיי דערהערט פון לייזער דעם בעל העגלה גאנצע ווערטער, וואס זיי האבען גוט פארשטאנען:

— וואס האט איהר זיך, קונדיסים, צוגעטשעפּעט? וואס דולט איהר מיר א קאפּ: בריפעל—שמיפעל... איהר צאהלט מיר א סך?... איך בין אייערער א פּאסטאליאן? וואס? געהט אייך געזונטערהייד...

די צוויי ברידערלעך זענען טאקי אוועק געגאנגען, אבער ניט געזונטערהייד, ווי ער האט זיי געהייסען: די הערצעלעך האבען זיי מאדנע געדריקט, שטארק וועה געטאן און די יונגע דינע פיסעלעך האבען זיך געבויגען און טראפּענס טרערעלעך, ליכטיגע, ריינע, נאר ביטערע, האבען זיך זיי אין די איינגעלעך געשטעלט און אראב גערונען אויף דער ערד און צעטרעטען געווארען פון מענשליכע שווערע טריט...

און מעהר זענען זיי שוין ניט געגאנגען צום בעל־עגלה פרעגען א בריף.

— ליגט ער אין דר'ערד! האבען זיי געשאלטען, חאטש זייערע הערצעלעך האבען עס ניט געמיינט, און זיי האט געצויגען חאטש געהן זעהן לייזער בעל־העגלה, זיין פערד און וואגען: זיי זענען דאך פארט דלות'אווקער און ליב זענען זיי די צוויי ברידערלעך געוועזן...

---

איינמאל, אין א פּאר וואכען ארום, נאך דעם ווי דער בעל־עגלה האט זיי אזוי פאריאגט, זענען די צוויי ברידערלעך געזעסען ביי דער ארימער קרובה אין שטיבל און האבען גערעדט וועגען דער יים. דאס איז געוועזן א זומערדיגער טאג, פרייטאג.

— וואס קעהר איצטער טון דער טאטע ? האט יענקעלע א זאג געטאן, אריינקוקענדיג אין די קליינע שייבעלעך פון די קליינע פענסטערלעך.

— ער שניידט אודאי די נעגעל. האט בערעלע מיט איין אומעדינען שמייכעלע געענטפערט.

— ער מוז נאר איצטער צעהאקען א "פיסנאהע"... האט יענקעלע זיך פארגעשטעלט אין דמיון. אונ די מאמע מוז קעמען איצטער חייענעלען, אונ חייענעלע מוז אודאי וויינען...

— גענוג צו ריידען נארישקייט — האט בערל איהם אפגעשטעלט. וואס קאן מען וויסען אונטער די אויגען, וואס דארטען טוט זיך. אפשר איז עמיצער נאר געשטארבען — האט צום סוף גענומען שרעקען יענקעלען.

ענדע קומט.

אברהם רייזען.

---

*
* *

פונקט ווי ווולקאן איז דאס הארץ פון דעם דיכטער,
עס בלייבט אויף קיין רגע נישט רוהיג;
אונ שפריצט נאך קיין פייער אונ הילכט נאך קיין ליעד,
דאך אינוועניג ברענט א גיהנום.

דארט קאכען אונ זידען אונ שמעלצען צוזאמען
אין פערזען די זילבען אונ קלאנגען,
אונ ווערען זיי פארטיג, דאן רייסט זיך ארויס
אין שירים די זידיגע לאווע.

ניו־יארק יוסף יפה.

---

# איין אלטע עצה אויף א נייע פראגע.

(ענדע).

אונ דא טרעט קאאוטסקי אליין אב פון זיין עקאנאמישער שיטה אונ הייבט אן צו ערקלערען, ווי אזוי עס האט זיך היסטאריש ענטוויקעלט דער יודישער משוגה'דיגער כאראקטער. ער איז מודה, אז יודען האבען א משוגה'דיגען כאראקטער! די הויפט־ראלע אין די ענטוויקלונג פונ'ם ספעציאלען יודישען כאראקטער האט געשפילט די בערגיגע פאלעסטינא, זי האט געמאכט א גרויסען איינדרוק אויף דער יודישער נשמה (שוין ניט עקאנאמישע סבות, נאר אויך אנדערע!). דאס בענקען א היים האט דעם יודען ניט געלאזען אסימילירען זיך, ווייל אומעטום האט ער זיך גערעכענט א גר, א דורך־רייזענדער, אבער ניט קיין שטענדיגער בירגער. דורך אנדערע, האלב היסטארישע, האלב־עקאנאמישע בעדינגונגען איז דער אונטערשיד צווישען יודען אונ אנדערע נאציאנען געווארען גרעסער. ביז מען האט אנגעהויבען צו קוקען אויף זיי, ווי אויף א משוגה'דיגע בריאה, פאר וועלכע מען האט מורא, א. ז. וו.

ווי מיר זעהען איז קאאוטסקי שוין אליין אויך מודה, אז דאס יודישע פאלק האט אין זיך ספעציאלע אייגענשאפטען, וועלכע לאזען א יהסזיך ניט אסימילירען, אז די שנאה צו יודען איז ניט נאר איין עקאנאמישע, נאר עפיס איין אנדערע, וואס קאאוטסקען ווילט זיך ניט מפורש ארויסזאגען, אז דאס איז א "פסיכאלאגישע" אונ ווי באלד, אז די שנאה איז ניט נאר איין עקאנאמישע, פאלט שוין ממילא: דאכט זיך, אראב אלע אמאליגע תנחומים פון די עקאנאמיסטען, אז יודען קענען נאר זעהן זייער ישועה אין דער פארבעסערונג פון די איצטיגען אלגעמיינע עקאנאמישע ארדנונג.

"ווי אזוי קאן ווערען בעזייטיגט די שנאה? פרעגט קאאוטסקי — נאר דענסטמאל, ווען די פאלקסמאסען וועלען אויף הערען זיין צווישען זיך פרעמדע, ווען זיי וועלען זיך צו זאמעניסען אין דער אלגעמיינער בעפעלקערונגס־מאסע. דאס איז די איינציגע בעשיידונג פון דער יודען־פראגע".

א גאנץ ראדיקאלע עצה, אבער שוין א צו אלטע!

זי געהערט צו דער טעאריע, אז אין אלע ערשיינונגען, וועלכע מיר זאלען ניט זעהן, רעגירען נאר עקאנאמישע פאקטארען. אונ איצט האט דאס קאאוטסקי געזאגט אונטער דער ווירקונג פון זיין ספעציאל עקאנאמישער טראדיציע.

אונ אין אמת'ען, קוים ענטזאגען מיר זיך פון דער פריהערדיגער טעאריע, וועגען די איינגעפרעסענע שנאה צו יודען, קוים ערקענען מיר, אז אין דער יודישער אויסנעמליכער לאגע זענען שולדיג ניט נאר עקאנאמישע אורזאכען, נאר אויך פסיכאלאגישע אדער אנדערע, וועלכע האבען קיין שום שייכות ניט מיט דער קלאסען־פונאנדער־טיילונג — קוים זענען מיר דאס מודה — מוזען מיר זיך אויך אבזאגען פון אמאליגע עצות, וועלכע קומען ארויס פון יענע טעאריעס.

אסימילאציאן איז געגרינדעט אויף דעם יסוד פון אינטערנאציאנאלע פעראייניגונג, אינטערנאציאנאלע פעראייניגונג שטיצט זיך אויף דער ספעציאלער עקאנאמישער טעאריע. ביי דער יודישער נאציאן שפילען ניט די עקאנאמישע סבות די הויפט־ראלע אונ ממילא קאן איהר פראגע ניט בעשיידען ווערען מיט די בעשליסע פון דער עקאנאמישער טעאריע.

יודישע אסימילאציאן איז שוין איין אבגעלעבטע זאך, אונ אויב זי הערשט נאך אין די מחות פון מענשען, איז דאס נאר א ווידער־קול פון דער אלטער ספעציאל עקאנאמישער טעאריע, וועלכע האט שוין ניט מעהר קיין פעסטען באדען אונטער זיך.

---

ניין, ניט אסימילאציאן איז פאר אונז א מיטעל אין דער היינטיגער צייט, ניט קנעכטיש זיך אבזאגען פון אונזער "איך" ברויכען מיר, נאר א קאמפף פיהרען פאר אונזערע רעכטע. ניט קנעכטיש אראבגעהן פון דער לעבענס־סצענע דארפען מיר, נאר פארקעהרט, מיר מוזען ארבייטען אזוי לאנג, ביז וואנעט מיר וועלען בעשאפען א פעסטען באדען אונטער זיך.

ניט מיט אונזער עניוות'דיגע אונטערטעניגונג ברויכען מיר צו ווייזען א ביישפיעל דער געשיכטע, נאר מיט אונזער פעסטען גייסט, מיט אונזער נאך אונפערמאטערטען כח... פול מיט דערנער איז פארשפרייט אזא וועג, שווער איז איהר אריבער צו טרעטען, אבער מיט אלגעמיינע כחות אונ מיט איין ערנסטער ארבייט וועלען מיר אלעס דערגרייכען.

א. ש. זאקס.

---




## I. אלגעמיינע נייעס.

— אין אקסער (פראנקרייך) איז א פרוי געוועזען די פרע־זידענטין ביין צעטיילען די „נאגראדעס“ צווישען די מיידלעך, וואס האבען זיך אויסגעצייכענט אין לערנען.

— נישט לאנג איז אין פאריז צוריקגעקומען פריילין מאגדאלינע קאשע פון איהר רייזע ארום די וועלט, וועלכע זי האט געמאכט אהן א גראשען געלד. אין א משך פון 4 יאהר האט די נאך גאר יונגע פראנצויזין דורכגערייזט דורך בעלגיע, ענגלאנד, אמעריקא, דרום־אפריקא, אויסטראליע און ניו־זעלאנד, יאפאן, חינא, סיביר, רוסלאנד, דייטשלאנד א. ז. וו. די גאנצע פיער יאהר האט זי זיך דערנעהרט פון די פארטרעגע, וואס זי האט געהאלטען אין פארשידענע שטעדט און פון לעקציאנען, וואס זי האט געגעבען. אין אויסטראליע האט זי אפילו אבגעשפארט א ביסל געלד.

— דער רוסישער מיניסטער פאר פאלקס־בילדונג האט ערלויבט די פרויען, וועלכע האבען געמוזט ארויס פון דעם מעדעצינישען אינסטיטוט פאר פרויען, צוריק אנצוקומען.

## II. יודישע נייעס.

— אין פראנקפורט אם מאין האט מען געגרינדעט א פריוט פאר יודישע יתומים, אין וועלכע עס געפינען זיך שוין ביז 45 קינדער. דאס רוב קאסטען צו דעם פריוט האט געגעבען די באראנין ערמונד פון ראטשילד.

— פון סלוצק (מינסקער גוב.) מעלדעט מען, אז אין דער דארטיגער שולע פאר מיידלעך, איז ביי א שילערין פארפאלען גע־ווארען א בוך, די דירעקטארין האט געזוכט דאס בוך נאר ביי יודישע שילערינס און די אומשולדיגע יודישע קינדער האבען ביטער געוויינט, פאר וואס מען האט זיי אזוי באליידיגט.

---

# ווי זאל מען בעהאנדלען די דיענסטען?

אז עס קומען זיך צוזאמען צוויי בעל־הבית׳טעס ווערד באלד א שמועס וועגען די דיענסטען אדער ניאנעס און יעדערע וויל דער־ווייזען, אז איהר דיענסט, איהר ניאנע איז די ערגסטע אויף דער וועלט. וואס פאר א חסרונות געפינט נישט די בעל־הבית׳טע אויף איהר דיענסט? דעמס דיענסט איז פויל ווי א קאץ, דעם לעפעל צום מויל פוילט זי זיך צו צוטראגען, דעמס — טאר מען נישט שיקען קיין גאנג פון דאנען ביז אהער. זי ווערד פארפאלען אויף א גאנצען טאג. א דריטע ווידער מוז אלץ האלטען אונטער׳ן שלאס; אויב נישט נאשט די דיענסט אלץ אויף.

נישט וועניגער חסרונות געפינט מען אויף די ניאנעס. איינע בעקלאגט זיך, אז איהר ניאנע איז די קינדער א דם שונא, זי האט אליין געזעהן, אז דאס נאך זייגעדיג קינד איהרס איז דאס גאנצע לייב צעקניפען אין בלויע צייכענס. א צווייטע ווידער בעקלאגט זיך, אז זי לאזט די קינדער פארהונגערען, די ניאנע פרעסט און זויפט אלץ וואס מען גיט איהר פאר די קינדער און זיי געביך געהען ארום גאנצע טעג פארחלש׳טע און דעריבער זענען איהרע קינדער טאקי נישט מעהר ווי הויט און ביינדלעך. אזוינע חסרונות און נאך טויזענט־ערליי אנדערע געפינען די בעל־הבית׳טעס ביי זייערע שמועסען אויף זייערע דיענסטען און ניאנעס און נישט איין איינציגע בעל־הבית׳טע האט זיך נאך נישט געפונען, וואס זאל חאטש איין איינציג גוט ווארט זאגען אויף די דיענסטען.

קומען זיך ווידער צוזאמען דיענסטען און ניאנעס ווערד על פי רוב ווידער געשמועסט פון די בעל־הבית׳טעס. דער חלוק איז נאר, וואס פון די בעל־הבית׳טעס שמועסט מען אין קיך און פון די דיענסטען — אין סאלאן. און די דיענסטען געפינען ווידער אויך אלערליי חסרונות ..ויף זייערע בעל־הבית׳טעס. יעדע שווערט, אז מעהר ווי דעם „קווארטעל“ וועט זי אויף איהר שטעל נישט בלייבען; און באמת בייטען די דיענסטען זייערע שטעלען גאנץ אפט, חאטש זיי ווייסען גאנץ גוט, אז דורך דאס אפטע בייטען די שטעלען בע־קומען זיי א שלעכטען נאמען און עס איז זיי זעהר שווער צו בעקומען א רעכטע שטעלע.

פון וואנען נעמט זיך דאס ביי די דיענסטען דער חשק צו בייטען כמעט יעדען קווארטעל די שטעלעס? וואס געפעלט זיי דאס אזוי שטארק שטענדיג צו וואנדערען פון איין ארט אויף דעם אנדער־רען, חאטש זיי ווייסען, אז אויף די נייע שטעלע וועלען זיי אויך מוזען ארבייטען?

מיר דארפען נאר אביסל גענויער בעטראכטען ווי אונזערע בעל־הבית׳טעס בעהאנדלען זייערע דיענסטען, וועלען מיר שוין פאר־שטעהן, פאר וואס די דיענסטען זוכען אלץ נייע שטעלען, ווילען אלץ בייטען די בעל־הבית׳טעס.

מיר וועלען אנהייבען געהן כסדר, פון די וואהנונגען פאר דיענסטען.

זעהר זעלטען טרעפט זיך, אז א דיענסט זאל האבען פאר זיך א בעזונדער צימער, וואו עס זאל אריינקומען גענוג לופט און ליכטיג־קייט. סיידען נאר ביי די גרויסע גבירים, וואס פארוואהנען א סך צימערען, טרעפט זיך, אז מען גיט דער דיענסט אויך אב א בעזונדער צימער, דאס רוב אבער וואהנט די דיענסט אין קיך.

ווער עס האט נאר אביסל א ידיעה אין היגעניע, ווייסט גאנץ גוט, אז דאס זיין טאג און נאכט אין קיך ווירקט זעהר שלעכט אויף די געזונטהייט פון דער דיענסט, און דעריבער זארגען טאקי אנדערע בעל־הבית׳טעס, וואס ווילען, אז די קיך זאל זיין ריין, אז דאס עסען זאל נישט פארדארבען ווערען פון די שלעכטע לופט וואס איז אין קיך, אז די דיענסט זאל נישט שלאפען אין קיך און געפינען פאר איהר ערגעץ א פינסטערען צימערל, וואו קיין שטראהל ליכט קומט נישט אריין, און ווי די „באקטעריען“ פארמעהרען זיך דארטען אין די מיליאנען, זעהר אפט טרעפט, אז די דיענסט זוכט זיך ליבערסט אויס איין ארט אויף צו שלאפען אין פאר־הויז און טייל מאל אויף אויף דער הויכער פאדלאגע.

(פארטזעצונג קומט).

ל. ניימארק.

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג“.

H rausgeber Verlag Volksbildung Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher Krakau Druck v. S. L. Deutchrer, Podgorze b. Krakau

# החתימה לשנת תרס"ד

על העתון השבועי המצויר לבני הנעורים

שנה שלישית **עולם קטן** שנה שלישית

המו"ל: העורכים:

הוצאת „תושיה" בורשה. א. ל. בן-אביגדור וש. ל. גרדון.

העתון המצויר האחד בספרותנו בכלל והיחיד ומיוחד לבני הנעורים שלנו בפרט.

שפת ה„עולם קטן" קלה וטבעית והסגנון נאה ומלבב.

ה„עולם קטן" הוא מנוקד כלו.

כל גליון מלבד שהיא נעים לקריאה ומלבב את נפש הקוראים הקטנים והצעירים, הנהו גם מעין חריסטומטיה מצוינה ללמוד שפת עבר. העתון נדפס על ניר יפה ובדפוס מהודר והתמונות מצוינות ביפין וטובן.

## מחירו 4 רובל לשנה

2 רובל לחצי שנה, 1 רובל לרבע שנה.

החותמים בפעם אחת לשנה שלמה מראשית שנת תרס"ד יקבלו בסוף השנה תשורה יפה חנם. דמי החתימה יוכלו לשלם גם לשיעורין: 2 רובל בעת החתימה ושני הרובל הנותרים בראשית הרבע השני.

---

בתור הוספה מיוחדת ל„עולם קטן" ירחון פדגוגי בעד ההורים והמורים בשם:

# „הפדגוג"

בו יבואו מאמרים מכל מקצעות החנוך וההוראה, החדשות במקצוע החנוך, החנוך העברי ביחסו אל החנוך הכללי, כרוניקה מעולם ההוראה העברית והמורים העברים, בקרת ספרי הלמוד והקריאה לבני הנעורים, ועוד.

מחיר „הפדגוג": 3 רובל לשנה, 1,50 רובל לחצי שנה, 75 קאפ' לרבע שנה. לחותמי ה„עולם קטן" 2 רובל לשנה 1 רובל לחצי שנה 50 קאפ' לרבע שנה.

---

# חדשה לקוראנו!

הוספה חדשה ל„עולם קטן": ירחון לבני הנעורים בשם „הנעורים".

עוד לפני שלש שנים, בראשית גשתנו להוצאת ה„עולם קטן", הבטחנו להוציא שני עתונים לבני הנעורים: אחד לילדים ואחד לנערים. אבל אח"כ נוכחנו, כי כל עוד לא בראנו לנו קהל קוראים צעירים הגון — קשה יהיה להוציא את שני העתונים הנזכרים בבת אחת, ונהיה אנוסים להסתפק בעתון אחד, שהיה בעקרו לילדים ושאח"כ השתכלל ויהי לעתון מיוחד לילדים ועתה הננו שמחים להודיע, כי אחרי שנתחבב ה„עולם קטן" על קוראנו ומצבו התבסס יותר — הגיעה השעה, שנוכל להגשים את רעיוננו מכבר ולמלא את אשר הבטחנו בשלמות.

והננו נגשים עתה להוציא בתור הוספה שניה ל„עולם קטן" ירחון מצויר לבני הנעורים, בשם:

# „הנעורים"

בו יבואו: שירים, ספורים, ספרי-מסע, תולדות אנשי שם, מאמרי מדע פופולריים, ידיעות ומקרי הימים, עם תמונות וציורים שונים. השפה תהיה נוחה והמלים הקשות תהיינה מנקדות, ובמקום הצרך גם מבארות.

החוברת הראשונה כבר יצאה מתחת מכבש הדפוס.

מחירו: לשנה 3 ר', לחצי שנה 1,50 ר', לרבע שנה 75 ק'. לחותמי ה„עולם קטן": לשנה 2 רובל, לחצי שנה 1 רובל, לרבע שנה 50 קאפ'.

האדריסה

ברוסיה: Издательство „ТУШІЯ" Варшава.

בשאר ארצות:

Administration „Olam Katan", Krakau, Sebastyang. 32.

---



**НЕБЫВАЛЫЙ СЛУЧАЙ!!!** Въ виду громаднаго запаса товаровъ мы рѣшили съ Іюля с. г. назначить **цѣны небывалыя: за 6 р. 50 к.** высылаемъ четыре нижеслѣдующихъ предмета, стоящіе въ отдѣльной продажѣ 12 р. 75 к.: 1) Изящн. карман. часы изъ настоящ. франц. золота „Вѣкъ" съ завод. безъ ключа, мужск. или дамск. 6 р. 50 к., 2) цѣп. франц. или къ дамск. часамъ **шейная**, того же металла 1 р. 50 к., 3) парижск. компасъ или **„бинокль"** съ пикантн. фигур разн. красавицъ 50 к., 4) элегантное **массивное** золот. кольцо 56 пр. нов. фасона **„Маркизъ"** кругомъ осыпан. наст. парижск. бриллiант., въ серединѣ рубинъ, сапфиръ, изумрудъ или бирюзу по выбору заказчика 4 р. 25 к. Итого 12 р. 75 к. только за 6 р. 50 к. Такіе же часы глухіе со всѣми приложеніями на 2 р. дороже. Часы высылаются обтянут. и выре гулиров. **до минуты** по времени **Варшавск. Обсерваторіи**, съ ручат за вѣрность хода на 6 лѣтъ. Требованія исполняются **немедленно**, нал. плат. **безъ задат а.** Адресовать: Главн. скл. жен. часовъ Торг. Домъ. **„Континентъ": Центральная почта № 473, Варшава.**

---

## הודעה לחובבי ספרים!!!

בבית מסחר הספרים הנודע של

**ה' מאיר הײלפערין** והחני ה' **מיכל ראבינאוויץ במינסק**

אשר הוא מלא תמיד המון ספרים רבים חדשים גם ישנים יקרי המציאות בכל מקצעות ספרות ישראל: פוסקים, שו"ת, מפרשים, קבלה, מוסר, חקירה, דרוש, באורים, דקדוק, מליצה ושיר וכל ספרי למוד, נוספו עתה אלה הספרים, שקמו לו למקנה ושממכרם הראשי אצלו:

**אשתדלות** עם שד"ל, לר' יעקב בכרך, ב' חלקים, מחירו 1.50 רובל; **מהעבור ומנין השנים**, מהנ"ל — 1 רובל; **איוב עם באור מישר נבוכים** לר"ר שטראשין — 1 רובל; **איוב עם באור הד"ר סאלד מבאלטימארי** (ספר הראוי לעלות על שלחן מלכים מפאת טובו ויפי והדר כריכתו — 3 רובל; **הגרן** ס' שלישי, מאסף נכבד בחכמת ישראל מגדולי חכמי זמננו, יו"ל ע"י הרה"ח רש"א הארארעצקי; החלק הזה גדול בכמותו — 1.15 רובל; **דור רבניו וסופריו**, ס' ב' וג', מחיר כל חלק—50 ק' ויחד עם חלק הראשון שכבר אזל — 1.50 רובל; **מנחה חדשה**, דרושים ופלפולים כסדר הפרשיות להרה"ג ר"ג חן־טוב — 50 קאפ'; **מורה להועיל** ס' למוד ש"ע בהעתקה רוסית לר"מ בענצמאן 75 קאפ.; **הקשב**, ס' מדעי לה' גליקמאן ז"ל — 25 קאפ.; **דברי חיים**, חידושי גפ"ת וסיומי מס' — 40 ק' **חמדה גנוזה**, מאסף יקר הו"ל רצ"ה עדעלמאן ובו מכתב הידוע מהרמב"ם ז"ל — 1.25 רובל; **תוספתא**, הוצ' צוקערמאנדל עפ"י כ"י, ששה חלקים — 3 רובל; **מעשה אפוד**, ס' דקדוק מפואר, להרב הקדמון הנודע ר' פריפוט דוראן — 1 רובל.

בית המסחר הנ"ל קונה ביבליאטיקאות שלמות, מחליף ומקבל בקאמיסיאן ספרים חדשים, כן גם יקבל חתומים ומוודעות לכל מכה"ע והמאספים:

Книжный магазинъ Меера Гальперна г. г. Минскъ.

---

# בְּשׂוֹרָה נְעִימָה!

## צֵאת לְאוֹר סֵפֶר תּוֹלְדוֹת יִשְׂרָאֵל מְצֻיָּר!

לְלַמֵּד אֶת יַלְדֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אֶת הַהִיסְטֹרְיָה הַבִּבְלִית עִם קִצּוּר דִּבְרֵי יְמֵי עַמֵּנוּ עַד חֲתִימַת הַתַּלְמוּד, בִּשְׂפַת עֵבֶר עַל טָהֳרַת הַקֹּדֶשׁ עִם תַּרְגּוּם רוּסִי, מֵאֵת הַבַּלְשָׁן הַנּוֹדָע הַמְדַקְדֵּק וְהַמְבָאֵר הר' יִצְחָק וַוארְשַׁאווסְקִי, שֶׁרַק הַהִיסְטֹרְיָה הָעִבְרִית הַזֹּאת לְבַדָּהּ מְאֻשֶּׁרֶת מִטַּעַם הַמֶּמְשָׁלָה בְּתוֹר סֵפֶר לִמּוּד הַהִיסְטֹרְיָה הַבִּבְלִית (**УЧЕБНИКЪ по Библейской Исторіи**) יָצָא לָאוֹר בְּתַבְנִית מְפֹאֶרֶת עַל נְיָר יָפֶה וּדְפוּס יָפֶה נֶחְמָד לְמַרְאֶה, עִם צִיּוּרִים רַבִּים מְהֻדָּרִים וְעִם הוֹסָפוֹת וְתִקּוּנִים וְהֶעָרוֹת כְּרָגְלִיּוֹת וּבֵאוּרִיּוֹת בִּשְׂפַת רוּסְיָה מֵאֵת הַמְחַבֵּר, לְמַעַן אֲשֶׁר יִמְצְאוּ בּוֹ תּוֹעֶלֶת רַבָּה מֵבִין עִם תַּלְמִיד. וְאַף כִּי הַהוֹצָאָה הַזֹּאת עָלְתָה בְּדָמִים מְרֻבִּים מְאֹד, עפ"ז קָצַבְנוּ אֶת מְחִיר הַסֵּפֶר רַק **60** קָאפּ', עִם פַּארְטָא **75** קָאפּ' וְעַ"י נַאכְנַאהְמֶע **85** קָאפּ'. לְסוֹחֲרֵי סְפָרִים וּלְבָתֵּי סֵפֶר רַבָּאט הָגוּן.

אדרעסע: 255

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ.**

---

## נור מיט עטליכע רובל

קאן יעדער מענש ביי זיך אויפ'ן ארט אנגוטע פרנסה איינפיהרען. אבריפ־ליכע ערקלערונג חנם לכל דורש.

**Я Найдичъ, Варшава.**

## אומזוסט אהן געלד!!

שיקט מען יעדען א ביכעל וועגען שניידען און נייהען אלערליי מלבושים. אדרעסע:

Г-жѣ Бертѣ Найдичъ, Варшава.

## י. שעקמאן, ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראבע
(128) עט פלאטעט-וואארען. 50 38




## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-שיערענע ציישונגען צום לעזען ביי
**אהרן משכיל-לאיתן**
ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, 28-50 אין טהויער, 2 שטאק. (192)

## НУЖНЫ АГЕНТЫ

для сбыта издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Перворлассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и адр. Каталоги и условія безплатно. Копт. паров. типогр. и фабр. штемп. И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ

---

אינטערעסאנט, שיין און וויכטיג

איז דער בעריהמטער אדעסער

# יודיש-רוסישער טעגליכער אבריים-קאלענדאר

# (ОТРЫВНОЙ КАЛЕНДАРЬ)

## אויף דעם יאהר 1904 (תרס"ד-תרס"ה)

(צווייטער יאהרגאנג)

דער אינטערעסאנטער אבריים-קאלענדאר איז זעהר שיין און רייך געדרוקט פון ביידע זייטען אויף פיין פאפיער אין א וואונדער שיינעם ארדנונג מיט א פיין איליוסטרירט וועגטל אין זעכס שיינע פארבען.

אינהאלט פון קאלענדאר:

1) יודיש-רוסיש-אויסלענדישער דאטום, (אין יודיש, רוסיש, דייטש, פראנצויזיש, און פויליש שפראכע).
2) זונן-אויפגאנג-זונן-אונטערגאנג,
3) צייט פון ליכט בענשען,
4) ראש חודש בענשען, מולדות,
5) וויכטיגע היסטארישע בעשרייבונגען,
6) יאהרצייטען פון יודישע גרויסע מענער,
7) אפאריזמען (ערהאבענע געדאנקען) שטראף-רייד,
8) טיראזשען פון די באנק-בילעטען,
9) פלאטץ אויף בעמערקונגען, (для замѣтокъ)

אויף דער צווייטער זייטע קומט.

10) וואונדער-שענע אנעקדאטען,
11) וויכטיגעם פיר יודען, היסטארישע ערקלערונגען וועגען ימים טובים און תענתים,
12) וויסענשאפטליכע, אינטערעסאנטע און וויכטיגע ארטיקלען.

דאס ווערטע פובליקום וועט גאנץ איבערראשט זיין פון דיזען וואונדער-שיינעם אינטערעסאנטען וויכטיגען אבריים-קאלענדאר.

15—8 **פרייז 30 קאפ. מיט פארטא 40 קאפ.** (248)

4 קאלענדארען אויף איינמאל איז פארטא-פריי. — ווייניגער פון 10 קאלענדארען ווערען מיט קיין נאכנאהמע ניט געשיקט. — לסוחרים ראבאט הגון.

**Книжный магазинъ Братьевъ Блетницкихъ въ Одессѣ, Еврейская № 35.**
**Buchhandlung Gebrüder Bletnizky in Odessa (Russia).**

---



## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן
דאמען-מענטעל, וויערכזען צו פוטער און קאסטיומען
**ד. באראדאווסקי ווארשא, לעשנא № 9 וואהנ. 4**
אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען
147 אין 24 שטונדען. 25—19

## „אגאטאל"-גורסקי, ווארשא, לעשנא 4 №

דאס בעסטע מיטעל צום רייניגען די צאהנער,
פערהיטעט זיי פון פוילען און ווייטוג אין בלעכענע שעכטיל צום פרייז
20 קאפ' און 30 קאפ'. פארדערן איבעראל. (125)

## די אלעמען בעוואוסטע אלער בעסטע:

I **מאשינען** צום פערפערטיגען אלערליי פרוכטען, יאגדעס, סעלעטרס, סאדע וואסער און אנדערע מינעראל-וואסער, לימאנאד, פער-שיעדענע קוואסען, פראנצויזישע זידענדע געטרענקע און וויין: סידר, שאמפאניער, חערעס, שערי און אנדערע, צוגלייך אויך די בעשרייבונג און כלים דערצו, מיט וועלכע עס צו פערפערטיגען.

II **סיפאנען** שען און שטארק לויט די פראנצויזישע סיסטעמע.

III **דאמפף אפאראטען** צום **דעסטעלירען** און **איבער-טרייבען.**

VI **פאלשטענדיגע איינארדענונג צו אנשטאלטען** אויף מאכען אלערליי סארטען וואסערן **שטעלט צו** די פאבריק פון מאשינען און דער פאבריטשנע סקלאד פון קארקעס די בעסטע עסענצען עפירען און סאקעס א. ד. ג. און אויך אלע אנדערע זאכען, וואס עס גע-הערן און זענען נייטיג צו אלע פער-פערטיגונג פון מינעראל-וואסער און לימאנאד.
244 5—4

**ИППО и Ко. въ Варшавѣ, Грибная ул. собств. домъ № 15н.**

## לעזט און הערט דעם אמת!!

אלע אנאנסירטע ברוכבענדער מיט עלעקטריע היילען נישט אוים קיין שום ברוך. דאס גוטיגקייט פון איינען ברוכבאנד איז נור ער זאל פעסט איינהאלטען דעם ברוך און נישט דריקען דעם קערפער.



זאלכע פערפערטיגט
אין אייגענער פאבריק
וועלכע איז בעעהרט
געווארען מיט מעדאילע
פון דער דאקטארסקע
אויסשטעלונג





**Д. Мошковскій, Варшава**
Налевки № **37**
(135) 50—32

דיא ערשטע און איינציגע

## מעכאנישע פאבריק צו רעפארירען שוהדווערק.

**А. Гринштейнъ, Варшава, Новолипки № 58.**

נעמט אן צו רעפארירען אלערליי שוה-ווערק, עס מאכט קיין אונטער-שיעד נישט פון וואס פאר א גאטונג לעדער עס איז. דיא לאטעס ווערדען געקלעפט מעכאניש, גאר אהן נעהטע און **די רעפארירטע שוהע קומען ארויס ווי פון דער ניי**, נישט צו דערקענען אויף זיי דעם מינדעסטען צייכען פון רעפארירען.

פראווינציער, וואס ווילען זיך עפענען אזא פאבריקעל, קען איך מיט זיי אייננעהן לויט בעשטימטע בעדינגונגען, ווי איך וועל ענטפערן יעדען, וואס וועט ארייננשיקען א פאסט-מארקע פאר 7 קאפ.

דיא פאבריק איז יעצט איבערגעגאנגען אין מיין אייגענטהום און ווער עס וויל דארף זיך ווענדען נאר צו מיר

А. Гринштейну, Варшава, Новолипки № 58.

פיליאלען: I פראנצישקאנסקא 35 אין טויער. II טווארדא 22 וואהנונג 42 אין צווייטען הויף.
229 25—16

רעפאראציאן ווערד פערפערטיגט ווארטענדיג.